# דוד פרישמאַן

## פערטער באַנד
ערשטע אויפלאַגע

Published by
LILI FRISHMAN
IN MEXICO CITY

אַרויסגעגעבן דורך לילי פרישמאַן

# דער טאַנץ

מיין מאַמע האָט עס איבערגענומען פון איהר מאַמע, איהר מאַמע פון דער באָבע, די באָבע פון דער עלטער־באָבע, א דור פון א דור, א דור פון א דור — און מיין מאַמע האָט עס איבערגעגעבען מיר.

ווי די יודען זענען אַרויס פון מצרים, איז געווען צווישען די אַרויס־געהער איינער פונ'ם ערב־רב, שעהן פון געשטאַלט און בעגערליך פון אויסזעהן, און ער האָט געהייסען פּוט. אַלע ווייבלעך און אַלע מיידלעך פון איין מחנה ביז צום אַנדערען עק מחנה האָבען איהם געפלעגט נאָכקומען א גאַנצען טאָג, און ביינאַכט אויפ'ן געלעגער האָבען זיי איהם געזעהען אין חלום. צו יענער צייט האָט איהם אויך געזעהן א מיידעל פונ'ם הויז גרשום, פון דער משפחה פונ'ם שטאַם מנשה, תמנע האָט זי געהייסען; דאָס פּנים פונ'ם מיידעל איז אין יענער מינוט רויט געוואָרען און פּלוצלינג איז עס געוואָרען בלייך — און זי האָט איהם ליעב געקריגען.

אין יענע וואונדערליכע צייטען איז דער הימעל נאָך געווען ניי און טויזענדמאָל בלויער ווי יעצט, און די ערד איז געווען פריש און טויזענד־מאָל גרינער ווי יעצט, און אויך די ליעבע איז געווען ניי און טויזענדמאָל שטאַרקער ווי יעצט.

און אויך דעם יונגענמאַן האָט עס געצויגען צום מיידעל, און ער איז נאָכגעפאָהרען נאָך איהר געצעלט טאָג-איין טאָג־אויס. ווי זי איז געפאָהרען פון רעמסס קיין סוכות, איז ער איהר נאָכגעפאָהרען שווייגענדיגערהייט, און ווי זי איז געפאָהרען פון סוכות קיין איתם, איז ער איהר נאָכגעפאָהרען שווייגענדיגערהייט, און ווי זי איז געפאָהרען פון איתם קיין פּי־החירות נעבען בעל־צפון, איז ער איהר נאָכגעפאָהרען שווייגענדיגערהייט. ווי א שאָ־טען אויף דער וואַנד איז ער איהר אַלעמאָל נאָכגעפאָהרען. אין פּי־החירות, איינמאָל אינדערפריה, איז ער צוגעגאַנגען צו איהר, דענסמאָל ווען די זון האָט בליצענדיג געלויכטען, און האָט איהר דערלאַנגט א קליין רינגעלע,

געמאַכט פון ריינעם גינגאָלד,. און האָט עס איהר אָנגעטהון אויפ׳ן פינגער; די שטראַהלען פון דער זון זענען אַראָב אויפ׳ן רינגעל, און דאָס רינגעל האָט זיך געבאָדען אין ליכט, און עס האָט געפונקעלט און געלויכטען און עס האָט געבלישטשעט אַרום און אַרום. אין דער דאָזיגער מינוט האָט דער יונגערמאַן זיך אַראָבגעבויגען איבער איהר און האָט איהר אַ לאַנגען קוש געגעבען, און אויך דאָס מיידעל האָט איהם געקושט — און איהרע גרויסע שוואַרצע אויגען זענען געוואָרען נאָכאַמאָל אַזוי גרויס.

און פון פי-החירות זענען זיי צוזאַמען געצויגען ביז מרה און ביז אילים און ביז׳ן ים־סוף און ביז מדבר-סין. בייטאָג האָט די זון געפלאַמט ביז צום אומקומען, און זיי האָבען עס נישט בעמערקט, און ביינאַכט האָבען זיי געהויערט ביים טויער פונ׳ם געצעלט אויף דער שוועל, זיין לינקע האנד אונטער איהר קאָפּ און זיין רעכטע אויף איהר הארץ, און זיי האָבען קיין וואָרט נישט גערעדט. — אין מדבר־סין איז פּלוצלינג דער יונגערמאַן פער־שוואונדען געוואָרען און מען האָט איהם פון איין עק מחנה ביז צום אַנדע־רען עק מחנה נישט מעהר געזעהן. פיעל האָבען געזאָגט, אז ער האָט זי זאַט בעקומען און ער איז אַוועק צוריק קיין מצרים...

אָבער דאָס מיידעל האָט עס נישט געגלויבט. אינדערפריה איז זי זי אויפגעשטאַנען און האָט אָנגעקוקט דעם רינג — און די גרויסע שוואַרצע אויגען זענען געוואָרען נאָכאַמאָל אַזוי גרויס; מיטאָג-צייט האָט זי גענומען דעם רינג און האָט איהם אָנגעקוקט, און האָט אַלץ געקוקט און געקוקט; ביינאַכט האָט זי איהם געלעגט אונטער איהר קישען און האָט איהם געזעהן אין חלום. ווער עס האָט אַזאַ רינג, דעם ברויכט דאָס הארץ נישט שווער צו ווערען, און ווער עס האָט געגעבען אַזאַ רינג, דער קען נישט ווערען אונטריי. באַלד וועט ער צוריקקעהרען.

דער יונגערמאַן איז אָבער נישט צוריקגעקעהרט. קומענדיג קיין דפקה, האָבען זיך די ווייבלעך און די מיידלעך געסוד׳עט, און האָבען געקוקט אויף איהר מיט שפּאָט און מיט גיפט. דאָס מיידעל האָט עס אָבער נישט בעמערקט. זי האָט דעם רינג. אַלעס איבעריגע אַהרט זי נישט. דער רינג האָט אָנגעהויבען צו ווערען אַ וועגווייזער אין איהר לעבען.

אָבער אויך ווען די מחנה איז קיין אָלוש געקומען, איז דער יונגערמאַן נישט צוריקגעקערט. א לאַנגער קנייטש איז איהר אויסגעוואַקסען אויף איהר שטערען און האָט איהם געטיילט אין צווייען. און די גרויסע אויגען האָבען זיך בעדעקט מיט א נעפּל. עס איז אַ שטילע, פּינסטערע, שווערע טרויעריגקייט אַרויסגעשפּראָצט פּלוצלינג פון דער ערד און האָט געהויערט אַרום און אַרום. די ווייבלעך האָבען אויפגעהערט שפּאָטען. דאָס מיידעל אָבער האָט קיין שום זאַך נישט געטהון, נאָר זי האָט פון מינוט צו מינוט געקוקט אויף'ן רינגעלע פון'ם פינגער; און טיילמאָל האָט זי געלאַכט און טיילמאָל האָט זי געוויינט, טיילמאָל האָבען איהרע אויגען געלויכטען און טיילמאָל האָט זי זיך איינגעשלאָסען אין איהר געצעלט און האָט זיך בעהאַלטען, אַז עס זאָל זי נאָר קיין מענש נישט זעהן.

און ווען זיי זענען אָנגעקומען קיין רפידים, זענען די טעג געווען אַזוי וויסט און נאָך וויסטער זענען געווען די נעכט — און זי האָט אַלץ געוואַרט און געוואַרט. איינמאָל אינדערפריה איז זי אויפגעשטאַנען און האָט זיך גענומען דעם קופּערנעם שפּיגעל; זי האָט זיך אין איהם אָנגעקוקט און האָט דערזעהן, אַז ביי דער שלייף אין דער הויך איז איהר אַ גרויע האָר אַרויסגעשפּראָצט — און זי האָט די האָר אויסגעריסען מיט די פינגער. די מיידלעך און די ווייבלעך האָבען זיך יעצט געשאַרט אַרום איהר און האָבען ווייך צו איהר גערעדט — זי אָבער האָט עס כמעט נישט געהערט. זי האָט נאָר איהר פינגערעל מיט איהר גאַנצער קראַפט געהאַלטען און האָט עס צוגעפּרעסט צום פינגער, און אָפּט האָט זי געוואוסט, אַז עס איז דאָס פינגערעל, און אָפּט האָט זי געמיינט, אַז נישט דאָס פינגערעל איז עס, נאָר דער יונגערמאַן, און זי פּרעסט איהם צו זיך. אָפּט אָבער האָבען זיך איהרע די געדאַנקען פערמישט, און זי האָט גאָרנישט מעהר געטראַכט.

אַזוי זענען זיי געקומען קיין מדבר־סיני. דאָס מיידעל האָט דאָס רינגעלע פון טאָג צו טאָג פעסטער צוגעפּרעסט צום פינגער. דאָס רינגעלע איז איהר געוואָרען אַ צווייטע נשמה, אָן וועלכער איהר גאַנץ לעבען הענגט. אַלע איהרע וואונשען און אַלע איהרע חלומות האָבען זיך פערקערפּערט אין דעם דאָזיגען רינגעלע. וואָס איהר איז געשעהן און וואָס עס וועט נאָך געע־

שעהן מיט איהר, אַלץ האָט זי צונויפגעשמאָלצען מיט דעם רינג. אַזוי לאַנג ווי זי וועט דעם דאָזיגען רינג האָבען, מעג זי האָפען — און האָפען האָט זי געוואָלט.

*

און אין מדבר-סיני האָבען זיך דערווייל גרויסע געוואַלדיגע געשעהנישען אָבגעשפּיעלט. אַ גאָט האָט דאָס פאָלק פערלאַנגט, און זעהן זאָל מען איהם קענען און אָנטאַפּען מיט דער האַנד זאָל מען איהם קענען צו יעדער מינוט. און דאָס פאָלק האָט זיך פערזאַמעלט אַרום דעם כהן־גדול און האָט געוואַלדעוועט און האָט געשריגען: שטעה אויף און מאַך אונז אַ גאָט! מיר ווילען נישט אָבטרעטען ביז דו וועסט אונז נישט האָבען געמאַכט אַ גאָט! — און דער כהן האָט אויפגעהויבען די אויגען אין דער הויך און האָט זיי אַראָבגעלאָזט ווידער צו דער ערד און האָט אַ קרעכץ געגעבען און האָט געזאָגט: מאָרגען וועל איך אייך מאַכען אַ גאָט. זאָל נאָר יעדער פון אייך געבען אַ קשיטה אָדער אַ נאָז-רינג אַ האַנד־רינג אָדער גלאַט אַ ווערטזאַך פון גאָלד, וועל איך פון דעם דאָזיגען גאָלד אייך מאַכען אַ גאָט!

צומאָרגענס אינדערפריה האָט דער טאָג געברענט ווי אַ קאַלך־אויווען. פונ׳ם טויער פון כהן־גדול׳ס געצעלט איז אַרויס אַ נייער גרויסער וואָגען, איינגעשפּאַנט צו צוויי רויטע אָקסען, און דער וואָגען איז געווען אָבגעגילט אין די זייטען און האָט געפונקעלט און געבלישטשעט, וואו ער האָט זיך געקעהרט, און די הערנער פון די אָקסען זענען געווען בעדעקט מיט פונקעלדיגען גאָלד, און רויטע און בלויע בענדער זענען געווען צוגעבונדען צו די הערנער און האָבען אַרומגעפלאַטערט אין דער לופט. אויף די רוקענס פון די אָקסען זענען געלעגען אויסגעשפּרייט בלויע גאָלד־געשטיקטע דעקען, און פון ביידע זייטען וואָגען זענען געגאַנגען צוויי כהנים, פון יעדער זייט איינער, אָנגעטהון אין זיידענע העמדלעך מיט אַנ׳אפוד און מיט אַ חושן און אין די הענד שופרות, און די מילגרוימענע גלעקלעך ביי׳ם זוים פון זייערע קליידער האָבען געלימפּערט ביי זייער געהן. פּאַמעליך האָבען זיך בעוועגט די אין דעם וואָגען איינגעשפּאַנטע אָקסען, און ווי דער וואָגען

האט זיך בעוועגט, האבען די כהנים געבלאזען מיט די שופרות, און ווי עס האט זיך געהערט דאס קול פון די שופרות, איז דאס פאלק ארויס פון די געצעלטען, און יעדער איז ארויס מיט זיין ווייב און זיינע זיהן און זיינע טעכטער און זיי האבען זיך אוועקגעשטעלט יעדער פאר זיין געצעלט. אזוי איז דער וואגען דורכגעפאהרען די גאנצע מחנה, פון איין עק ביז צום אנ־דערען עק, פאר יעדען געצעלט, און די מענער און די ווייבער, אלט און יונג, ארים און רייך, האבען אריינגעווארפען יעדער עפעס א גאלד־זאך אין דעם וואגען, א נדבה, פון וועלכער עס זאל געמאכט ווערען דער גאט. עס איז אינ׳ם גאנצען גבול נישט איבערגעבליבען קיין איין איינציגער, סיי מאנסביל סיי פרוי, וואס זאל נישט האבען געגעבען זיין טייל. די מאנסבילען האבען געגעבען קשיטות און גאלד־קייטעלעך און הונדערט אנדערע גאלד־זאכען און די פרויען האבען אראבגענומען פון זיך די אויער־רינגען און די נאז־רינגען און די האנד־רינגען און די ארעם-בענדער און די האלז־בענדער און די בראשקעס און האבען דאס אלעס אריינגעווארפען אינ׳ם וואגען. ארים און רייך האבען געגעבען — דען יעדער האט געוואלט האבען א חלק אין גאט. ווי א שכרות האט עס געהאט ארומגענומען דעם גאנצען עולם. אויף די שוועלען פון די געצעלטען און אין די פענסטער און אויף די דעכער־גא־נעקעס איז דאס פאלק געשטאנען און האט אבגעווארט דעם וואגען, און גאלדענע לייכטערס און גאלדענע פאנען און גאלדענע רעהרען און גאלדענע שיסלען זענען געפלויגען פון אלע זייטען אין דעם וואגען אריין, און גאל־דענע בעכערס און גאלדענע פאמיליען־הערבען; און עפעס א רייכע דאמע האט זיך געאיילט און האט געכאפט דאס גאלדענע פייפעל, מיט וועלכען איהר קראנק קינד ביי דער ברוסט האט זיך געשפיעלט, און האט עס אריינ־געשליידערט אינ׳ם וואגען. דער וואגען איז געווארען אנגעלאדען מיט גאלד און איבערפולט ביז ארויף און האט זיך קוים נאך געקענט ריהרען פון ארט — און דאס פאלק האט אלץ נישט אויפגעהערט צו ווארפען.

אזוי האט דער וואגען זיך צוגעשלעפט אויך ביז צום טויער פון תמנע׳ס געצעלט.

און תמנע שטעהט פאר דער טיר מיט׳ן רינגעלע אויפ׳ן פינגער. ניין! אלץ אין דער וועלט וועט זי געבען, נאר נישט דאס דאזיגע רינגעלע. איהר

גאַנץ לעבען איז דאָך איינגעשמאָלצען אין דעם דאָזיגען רינגעלע, אַלץ וואָס זי האָט און אַלץ וואָס זי האָט געהאַט. דאָס רינגעלע וועט זי נישט געבען, נישט געבען! נישט געבען! — און דער וואָגען קומט אַלץ נעהנטער און נעהנטער, און פון די דעכער און פון די פענסטער און פון די גאַנעקעס אַראָב וואַרפען איהרע שכנ׳טעס, יעדע וואָס זי האָט. פונ׳ם גאַנעק נעבען איהר פליהט גראָד אַ גאָלדענער נאָז־רינג פאַרביי פאַר איהרע אויגען און זינקט און ווערט בעגראָבען אינ׳ם גאָלדבאַרג — אינ׳ם וואָגען; און אָט פליהט אויך אַ גאָלדענער בעכער, און אָט אָט אויך אַ גרויסע גאָלדענע שיסעל. עפּעס ווי אַ שכרות האָט עס אַרומגענומען די גאַנצע מחנה, מאַנסביל און פרוי, יונג און אַלט, אָרים און רייך, און איינער האָט זיך אָנגעשטעקט פונ׳ם צווייטען. אין דער דאָזיגער מינוט איז דער וואָגען צוגעקומען האַרט פאַר׳ן געצעלט, און די כהנים בלאָזען און די אָקסען בלעקענען און די גלעקלעך קלימפּערען, און תמנע שטעהט האַרט נעבען וואָגען. אַ שרעק איז פּלוצלינג אָנגעפאַלען אויף איהר, און זי האָט אַליין נישט געוואוסט פאַרוואָס. מיט׳ן פינגער פון דער רעכטער האַנד האָט זי אַראָבגעצויגען דאָס רינגעלע פונ׳ם פינגער פון דער לינקער האַנד און האָט עס צוריק אַרויפגעצויגען, אַהין און צוריק, אַהין און צוריק, ווי זיך שפּיעלענדיג דערמיט און אַליין נישט וויסענדיג וואָס זי טהוט, און פּלוצלינג האָט זיך דאָס רינגעלע אַראָבגעגליטשט פונ׳ם פינגער און אַ מינוט שפּעטער איז עס שוין געלעגען אין דעם גרויסען גאָלד־באַרג, אינ׳ם וואָגען. אין דער דאָזיגער מינוט האָט זי געפיהלט, אַז עפּעס האָט זיך אַ רוק געגעבען אין איהר האַרץ און עס האָט זיך וואָס איבערגעריסען דאָרט און איהר האַרץ איז פּלוצלינג געוואָרען לעדיג. פּלוצלינג איז דער וואָגען פערשוואונדען געוואָרען און אַלע מענשען און אַלץ אַרום און אַרום, און די זון איז אויסגעלאָשען געוואָרען אויף אַ מינוט לאַנג. אַ מינוט שפּעטער האָט זי ווידער דערזעהן דעם וואָגען — און נאָר אַרום און אַרום איז געבליבען פינסטער. אין דער דאָזיגער מינוט האָט דאָס מיידעל פּלוצלינג אויף קלאָר געוואוסט, אַז איהר אויסדערוועהלטער וועט שוין קיינמאָל צו איהר נישט צוריקקומען און אַז פאַר איהרעטוועגען איז ער שוין געשטאָרבען אויף אייביג.

און דער וואָגען איז פּאַמעליך זיך ווייטער געפאָהרען און האָט צו־נויפגעקליבען דעם רעשט, וואָס דאָס פאָלק האָט נאָך געהאַט צו געבען, און אַזוי איז ער אָנגעקומען ביז צום עק פון דער מחנה.

*

אַ טאָג דערויף איז געווען אַ גרויסער יום-טוב אין דער מחנה. דער כהן־גדול האָט גענומען דאָס גאַנצע גאָלד, וואָס דער וואָגען האָט געבראַכט, און האָט עס אַריינגעוואָרפען אין פייער, און דאַן האָט ער גענומען אַ פאָרם און האָט מיט אַ צירקעל דעם גאָט אַזוי לאַנג געפאָרעמט, ביז עס איז אַרויס־געקומען אַ גאָלדען קאַלב — אַ גאָט. און דאָס פאָלק האָט דערזעהן דעם גאָט, און האָט געשטראַלט פאַר פרייד, דאַן האָט דער כהן געבויט אַ מזבח און האָט מקריב געווען די עולות און האָט דערנעהנטערט די שלמים, וואָס דאָס פאָלק האָט געבראַכט. און די פרייד איז געווען גרויס. און דאָס פאָלק האָט זיך אַוועקגעזעצט עסען און טרינקען, און דאַן איז עס אויפגעשטאַנען שפּיעלען, און עס זענען אַרויסגעגאַנגען די ווייבלעך און אַלע מיידלעך, און די מאַנסבילען האָבען געפייפט אויף די פייפלעך און געקלאַפּט אין די פּויקען, און די פרויען האָבען זיך דערלאַנגט די הענד, איינע דער אַנדע־רער, און האָבען אַרומגערינגעלט דאָס קאַלב און האָבען אָנגעהויבען טאַנ־צען.

און פּלוצלינג האָבען אַלע זיך אָבגערוקט און האָבען אַנ׳אָרט געמאַכט: עס האָט זיך אַ מיידעל בעוויזען פּלוצלינג צווישען די טענצערינס, און זי טאַנצט עפּעס אַזוי וואונדערליך, ווי עס האָט נאָך קיינע נישט געטאַנצט. אָט בעוועגט זי די פיס און אָט דעם קאָפּ און אָט די שענקלען, איינמאָל אַרויף און איינמאָל אַראָב, איינמאָל הינטערוויילעכץ און איינמאָל נאָך פאָרענט, איינמאָל טויט־שטיל און איינמאָל ווילד, אַז אַ שרעק פאַלט אָן אויף אַלעמען און די האָר שטעלען זיך קאַפּויר. איז דאָס נישט תמנע, פונ׳ם הויז גרשום פון דער משפּחה פונ׳ם שטאַם מנשה?

יעצט טאַנצט זי שטיל און פּאַמעליך און רוהיג — און עס גרינט און בליהט אַרום און אַרום און עס שיינען די ערשטע טעג פון איהר האָפנונג.

עס בליהט און גרינט אויף דער ערד און עס בליהט און גרינט אין איהר הארץ, און לאַנגזאַם בויגט זי דעם קאָפּ נאָך פאָרענט, און דאָס פּנים און די אויגען לויכטען, און דער ערשטער קוש איז געגעבען...

פּלוצלינג ווארפט זי און שלענגעלט זי און רינגעלט זי זיך ווי א שלאַנג — און דער ערשטער שמערץ איז דאָ, און דער ווינד האָט געבלאָזען אויף די בלומען און אויף איהר הארץ און א פראָסט און א פורכט איז געפאַלען...

אין א מינוט שפּעטער טופּעט זי אויף די שפּיץ־פינגער, און זי ווערט העכער און גרעסער, טופּ-טופּ, טופּ־טופּ, טופּ־טופּ: זי האָט נאָך דעם רינג זי האָט נאָך דעם רינג! איהר גאַנץ לעבען און איהר גאַנצע נשמה, צוזאַמען מיט איהר אויסדערוועהלטען, שטעקען אין דעם דאָזיגען רינג און דאָס אַלץ איז נאָר איינס!

און ווידער שלעפּט זי שווער, און אָבגעשטאָרבען זענען איהרע גלידער און די מוסקולען זענען פערשטיינערט — און די האָפנונג ווערט אזוי שוואַך און זי צערינט און זי שטאַרבט אָב, און קוים נאָך וואָס עס הערט זיך: אפשר, אפשר, אפשר...

און פּלוצלינג שטורעמט זי פון'ם אָרט און דער קאָפּ איז הויך צוריק־געוואָרפען: דעם וועט זי נישט געבען! נישט געבען! און זאָל דאָ קומען, וואָס עס וויל!

און נאָך א מינוט און זי נעהמט מיט איין לויף א ראָד אַרום דעם קאַלב און זי דרעהט זיך ווילד ווי א קרייזעל אינ'ם ווינד און — איהר גאַנ־צען רעשט האָט זי אַריינגעגאָסען אין דעם דאָזיגען גאָט! איהר איינציגען האָט זי איהם אַוועקגעגעבען! און יעצט שטעקט ער דאָרט!

און זי טאַנצט שטורמיש און ווילד, די פיס בעריהרען כמעט נישט די ערד, און א מינוט איז זי נאָהנט צו דער זון און א מינוט איז זי ווייט פון איהר — און דער שמערץ האָט אויפגעהערט און איז צעגאַנגען און צעפּ־לאָסען. זי האָט אין זיך נישט קיין נשמה, נאָר א דערוועהלטען, און נישט דער דערוועהלטער איז עס, נאָר א רינג, און נישט דער רינג, און נאָר איהר לעבען איז עס — און זי טאַנצט ווילד און שטורמיש. יעצט איז עס אויך נישט מעהר איהר לעבען, נאָר א גאָט איז עס — און דאָס אַלץ האָט זיך צו־

נויפגעגאָסען אין איינס, און זי ווייסט עס נישט מעהר פונאַנדער צו האַלטען. און די נשמה איז אַריין אין איהר. דערוועהלטען, און דער דערוועהלטער איז אין רינג, און דער רינג האָט זיך פערוואַנדעלט און איז איהר געוואָרען דאָס לעבען, און דאָס לעבען האָט פּלוצלינג אויפגעהערט און עס איז געוואָרען אַ גאָט.

און דער טאַנץ ווערט אַלץ שטאַרקער, אַלץ ווילדער. דער שמערץ האָט איינגאַנצען שוין אויפגעהערט און עס איז נאָר אַ גאָט פאַרהאַנען. עס איז נישט מעהר איהר שמערץ, עס איז דער שמערץ פון אַלעמען. גאָט האָט איהם איבערגענומען, און עס איז דער גאָט פון אַלעמען. און דער טאַנץ ווערט אַלץ שטאַרקער, אַלץ ווילדער, און די שטורמישקייט ווערט גרעסער און די ווילד־קייט ווערט שרעקליכער — און אַ שרעק פאַלט אָן אויפ'ן גאַנצען פאָלק אַרום און אַרום, און יעדער וואַרפט אַוועק פון זיך זיין פויק און זיין פייפעל, און אַלץ בלייבט שטעהן ווי פערגליווערט, און פּלוצלינג אַנטלויפען אַלע ווייט, ווייט...

און זי טאַנצט אַלץ ווייטער אָהן סוף, אָהן גרעניץ, אָהן אויפהער. אויף איהרע ליפען בעווייזט זיך אַ ווייסער שוים און די גלידער זענען ווי נישט מעהר איינצוהאַלטען, און פּלוצלינג פאַלט זי אַנידער.

ווען מען האָט זי אויפגעהויבען, איז זי געווען טויט.

# מיט דער אָל

דאָס איז געווען אין צווייטען יאָהר זינט דעם, ווי די יודען זענען ארויס פון מצרים, אין נײַנטען חודש פון יענעם יאָהר.

...אַרום און אַרום איז געווען די שרעקליכע מדבר — טיעפע געלע זאַמדען, וואָס אַז מ'האָט דאָרט אַ פוס אַריינגעשטעקט, האָט מען איהם מעהר נישט געקאָנט אַרויסנעהמען. דאָס זאַמד האָט בראַנדיג געגליהט און איבער דעם זאַמד אין דער הויך איז געלעגען עפּעס אַ מין בלוילליכער נעפּעל. און פלעגט אַמאָל אויף אַ איינזאַמען פעלז אַרויסשפּראָצען עפּעס אַ קליינער שטרויך אָדער אַן'עלענד גרעזעל אָדער אַ ווילד געוויקס, איז די פאַרב פון דעם געוויקס געווען נישט גרין, נאָר העל־געל. אַ ווײַלע האָט עס געשפּראָצט און דאַן אַ ווײַלע געלעכצט און געשמאַכט, ביז עס האָט פערוועלקט און פערדאַרט און אָבגעשטאָרבען. מאָמענטענווייז האָט זיך אויפגעהויבען אַ מעכטיגער הייסער ווירבעל־ווינד, טראָגענדיג מיט זיך נייע זאַמד־זײַלען, וואָס האָבען צוגעדעקט די אויבערפלאַך פון דער ערד, אין איין אויגענבליק אָבער איז דער שטורם אַריבער און אַלץ איז ווידער געווען ווי פריהער. די שטילקייט איז גרויס און שווער, ביז צו דערשטיקט ווערען און צו חלש'ען. בלויז פון צייט צו צייט הערט זיך דאָס געבריל פון אַ הונגעריגען לייב און באַלד דערנאָך דאָס געשריי פון אַ איינזאַם יונג לייבעלע און דאַן דער מאַוימדיגער אויסגעצויגענער קרעכץ פון אַ סאָווע, און דאַן דערטראָגט זיך פלוצלינג אויך דער קוויטש פון אַ רויב־פויגעל אויף די בערג. אין אַ ווײַלע אַרום ווערט ווידעראַמאָל שטיל ווי פריהער. די מדבר שמאַכט אין דער מיטאָג־היץ און אַלץ אַרום איז מיעד און מאַט און פערחלש'ט.

אין דער גרויסער און שרעקליכער וויסטע זענען פאַראַן שפּורען פון מענשען־טריט. אַרבער די ווייניג אויסגעטרעטענע וועגען ציהען קאַראַוואַנען פון וואַנדערענדע שבטים, וואָס זענען אַרויס פון מצרים, און די שבטים

דורשטען נאָך פרייהייט און זוכען אַ צוקונפט. זיי געהען עראָבערען אַ לאַנד.

צופוסענס פון די בערג און צווישען די שאָטענדיגע פעלזען זענען פונאַנדערגעשטעלט געצעלטען אין די צעהנדליגער, אין די הונדערטער, און דאָס איבעריגע פאָלק, וואָס האָט נישט קיין געצעלטען, איז צעשפּרייט אי־בער דעם גרויסען סטעפּ אין די טהאָלען און אין די שפּאַלטען פון די פעלזען און זיי לאַגערען אויפ׳ן פעלד. פון צייט צו צייט הויבען זיי אויף זייערע אויגען צום אוהל־מועד, וואָס שטעהט אויפ׳ן שפּיץ פון דעם גרויסען באַרג, וועלכער איז בעדעקט מיט אַ וואָלקען.

פּלוצלינג הילכט־אָב דער קלאַנג פון אַ טראָמפּייט און צוויי פּויקען דער טראָמפּייטער שאַלט און די פּויקען בעגלייטען איהם.

און דאָס גאַנצע פאָלק אַרום האָט זיך געשטעלט אויף די פיס, יעדער מיט זיין בויגען און פיילען־טאַש — די גאַנצע גרויסע מחנה, וואָס האָט געלאַגערט אין פעלד: נישט אַנדערש, נאָר עס דערנעהנטערט זיך פּלוצלינג עפּעס אַ ווילדער געפעהרליכער שבט, ישמעאלים אָדער מדינים צי כושים, וואָס פּלאַנען אַ אָנפאַל.

אָבער דאָס פאָלק האָט זיך טועה געווען: ס׳איז נישט געווען קיין שום ווילדער שבט, נאָר דאָס האָט מען גערופען דאָס פאָלק צו פערזאַמלען זיך פאַר איינעם פון די געצעלטען אום בייצוואוינען אַנ׳אויסטערליש בילד, וואָס וועט איהם געוויזען ווערען.

און דאָס בילד איז ווירקליך געווען אויסטערליש. אַ מאַן פונ׳ם הויז לוי, פון דער משפּחה קהת, אלצפן דער זוהן פון עוזיאל, האָט מיט זעקס יאָהר צוריק, ווען ער איז נאָר וואָס געהאַט אריבער דעם ים־סוף, געקויפט אַ אידישען קנעכט, ירקעם דעם זוהן פון רחם, און ער האָט איהם איצט גע־וואָלט בעפרייען פון דיענסט אומזיסט, ווייל עס האָט שוין אָנגערוקט דאָס זיבעטע יאָהר, אָבער דער קנעכט וויל נישט אוועק און קלאַמערט זיך אָן די ווינקלען פון זיין הערר׳ס געצעלט און קיינער קאָן איהם פון דאָרט נישט אָברייסען.

און דער טראָמפּייטער בלאָזט אין דער טראָמפּייט און די פּויקערס קלאַפּען אין די פּויקען און דאָס פאָלק פערזאַמעלט זיך אַרום.

און אויך דער כהן איז שוין אָנגעקומען.

אַלצפן דער זוהן פון עוזיאל שטעהט ביים טויער פונ'ם געצעלט און בעמיהט זיך איבערצורעדען דעם קנעכט, אָבער דער קנעכט האָט זיך פער־עקשנט און האַלט זיך ביי איינס: איך וויל נישט בעפרייט ווערען.

דאַן האָט זיך צו איהם דער כהן דערנעהנטערט און איינגעטענה'ט מיט איהם, פּרובעדיג איהם אויפצוקלערען וואָס עס איז אַזויס פרייהייט און וואָס קנעכטשאַפט, און אַז אַ מענש איז געבוירען צו זיין פריי און נישט קיין שקלאַף צו קיין הערר, און מעג דער הערר זיין נאָך אַזוי גנעדיג און גוטהערציג ווי אַ מלאך — אָבער דער קנעכט האַלט זיך ביי איינס: איך וויל נישט פריי זיין.

און אויך פון צווישען דעם פאָלק איז צו איהם צוגעטרעטען איינער און אַ צווייטער און מיט איהם איינגעטענה'ט, אָבער ער האַלט זיך ביי זיינס: איך וויל נישט פריי ווערען.

דאָ האָט אַלצפן דער זוהן פון עוזיאל נאָכאַמאָל געפּרובט מיט איהם רעדען:

— ירקעם! צי קענסטו מיר זאָגען פאַרוואָס דו ווילסט נישט בעפרייט ווערען?

— איך האָב ליעב מיין הערר! — האָט געענטפערט דער קנעכט מיט זיסע רייד און אַ חנופה'דיגען שמייכעל.

— אָבער איך האָב דאָך דיך נישט ליעב! ביזטו דאָך געוועזן צו שאַנד אין מיין געצעלט, מען האָט דיך בעשפּיגען און געשלאָגען און נישט איינמאָל אויף דיר די הינד און די שאַף אָנגערייצט, און אפילו די נידריגס־טע פון מיינע דיענסט־מוידען פלעגט דיך בעליידיגען, אָהן אויפהער האָט מען דיך פערפאָלגט, און דו טענה'סט גאָר פלוצלינג: איך האָב ליעב מיין הערר. צי ווייסטו דען וואָס דו רעדסט?

— איך האָב ליעב מיין הערר, מיין ווייב און מיינע קינדער!

— אָבער דו זאָגסט דאָך ליגען. דאָס קייסטו דאָך בלויז איבער אַ פּוסט וואָרט, וואָס דו האָסט דיר צוגעוועהנט. מיר אַלע ווייסען וואויל, אַז דיין ווייב איז דיר מיאוס און דיינע קינדער האָסטו פערוואָהרלאָזט און אַז די אַלע רייד, וואָס דו רעדסט, זענען בלויז אַ פּוסטער אויסרייד. צי איז דיר

נישט טויזענדמאָל גלייכער, אַז דו זאָלסט אויפהערען מיט די אַלע פוסטע רייד און זיך בעפרייען פון דיין קנעכטשאַפט ?

— איך האָב ליעב מיין הערר, מיין ווייב און קינדער, איך וויל נישט פריי ווערען.

— גוט. אָט גיב איך דיר נאָך עפּעס: דו וועסט נישט אַליין אוועקגעהן, נאָר איך וועל דיר מיטגעבען אויך דיין ווייב און קינדער. צי וועסטו געהן ?

— ניין, איך וועל נישט אוועקגעהן. איך האָב ליעב מיין הערר, אוי, ווי ליעב! איך וועל אָהן מיין הערר נישט קענען לעבען. איך וויל נישט בעפרייט ווערען. צו וואָס טויג מיר די פרייהייט ? ניין, איך וויל נישט פריי זיין!

און דער קנעכט האָט געוואָיעט ווי אַ הונד.

פּלוצלינג האָט דער כהן אויפגעהויבען זיין שטים:

— די דאָזיגע ווערטער זענען די לעצטע. מעהר לאָז איך דיך קיין וואָרט נישט רעדען. אָט טרעטען מיר צו צו טהון דאָס רעכט לויט'ן געזעץ.

און דער כהן האָט אָנגעטהון זיין ווייס העמדעל און דעם אפוד־גאַרטעל.

דאָס פאָלק אַרום האָט זיך געשטופּט צוצוקומען וואָס נעהנטער, אום צו זעהן דאָס בילד, און ווער עס איז געווען קליין נעוואַקסען, האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער.

— דערלאַנגט די אָל — בעפעהלט דער כהן אויף אַ קול.

און די אָל ווערט דערלאַנגט.

— ברענגט זי דורך צוערשט אין פייער, אַז זי זאָל אינגאַנצען גליהען — בעפעהלט דער כהן ווייטער.

און די אָל ווערט געלעגט אין פייער, ביז זי ווערט רויט און דאַן ברענגט מען זי צום כהן.

— שטעלט צוויי עדות — בעפעהלט דער כהן ווידעראַמאָל.

און צוויי מענער טיילען זיך אָב פונם פאָלק און שטעלען זיך נעבען אַלצפן דעם זוהן פון עוזיאל.

דען כהן הויבט אויף זיינע אויגען צום הימעל, און שפּרייט אויס די הענד און זאָגט:

— אלצפן דער זוהן פון עוזיאל! אַט האָסטו דעם דאָזיגען פּעראַכטעטען קנעכט ירקעם דעם זוהן פון רחם, וועלכען דו האָסט געקויפט, ווען דו ביזט אַריבער דעם ים־סוף מיט זעקס יאָהר צוריק. זעקס יאָהר האָט ער דיר געדיענט און זיבעטען יאָהר האָסטו איהם געוואָלט בעפרייען אומזיסט, אָבער עס האָט נישט געוואָלט ירקעם דער זוהן פון רחם, דער דאָזיגער פּעראַכטעטער קנעכט, פריי ווערען, עדות איז דאָס גאַנצע פאָלק און עדות זענען אויך די צוויי, וואָס וועלען דאָס אונטער'חתמ'ענען, און דו ביזט ריין פאַר גאָט און פאַר ישראל. נעהם־זשע די אָל און נעהם דעם קנעכט דעם פּעראַכטעטען, ירקעם דעם זוהן פון רחם און זאָלסט איהם דערנעהנטערען צום ביישטידעל פון דער טיר, וואָס אין דיין געצעלט און זאָלסט איהם צוגבערען דאָס רעכטע אויער צום ביישטידעל, און אַזוי זאָל ער בלייבען צוגענבערט דריי נעכט און דריי טאָג און יעדער מאַן און יעדע פרוי, וואָס וועט פאַרבייגעהן פאַר איהם, זאָל איהם שפּייען אין פּנים אַריין, און אויפ'ן פיערטען טאָג אינדערפריה זאָלסטו איהם צונעהמען פון דאָרט, און ער וועט בלייבען דיין קנעכט אויף אייביג!

און צום שרייבער, וואָס איז נעבען איהם געשטאַנען, האָט דער כהן אויסגערופען: „און דו פערשרייב און פערזיעגעל די גאַנצע פּאַסירונג אין אַ מגילה און נעהם־אויף די עדות די צוויי, אום די זאַך זאָל בלייבען צום אָנדענק אויף אייביגען אָבשיי". — און צו אלצפן האָט ער געזאָגט: — „אַט האָסטו די אָל!"

און אלצפן דער זוהן פון עוזיאל, פונ'ם שטאַם לוי, פון דער פאַמיליע קהת, איז צוגעגאַנגען און גענומען די אָל פונ'ם כהנ'ס האַנד, דאַן האָט ער זיך אויסגעדרעהט צום קנעכט, צו ירקעם דעם זוהן פון רחם, און איהם צוגעפיהרט צום ביישטידעל פון דער טיר וואָס אין זיין געצעלט, און האָט די גליהענדע אָל אַריינגעשטאָכען אין זיין רעכטען אויער און איהם צוגעג־

בערט צום ביישטידעל פון דער טיר, דאַן האָט ער דער ערשטער איהם אַ שפּיי געטהון אין געזיכט — און נאָכהער האָט געשפּיגען דאָס גאַנצע פאָלק.

דער קנעכט האָט דערביי פונאַנדערגעשפּרייט די ליפּען און האָט ווי געשמייכעלט, ווען דאָס שפּייעכץ האָט זיין פּנים בעריהרט.

# אינ'ם באַרג סיני

מיין מאַמע האָט עס איבערגענומען פון איהר מאַמע, איהר מאַמע פון דער באָבע, די באָבע פון דער עלטער־באָבע, אַ דור פון אַ דור, אַ דור פון אַ דור — און מיין מאַמע האָט עס איבערגעגעבען מיר.

אינ'ם פיערהונדערט ניינאונצוואַנציגסטען יאָהר זינט דעם, ווי די יודען זענען געזעסען אין גושן, אַ יאָהר מיט דריי חדשים איידער עס איז אַרויסגעגאַנגען דאָס גאַנצע פאָלק פון מצרים, אַלט און יונג צוגלייך, אום צו וואַנדערען דורך די גרויסע מדבר און צו דערגרייכען דאָס לאַנד כנען, איז געווען אַ יונגעל צווישען די יודישע אויסערליכע מויערען פון רעמסס, און געהייסען האָט ער מושי. און געווען איז דאָס יונגעל נאָך זעהר יונג און זעהר צאַרט, עס האָט איהם נאָך נישט געטהון שפּראָצען די האָר פון זיין באָרד און ער איז נאָך נישט אַלט געווען זיבעצעהן יאָהר. ביי זיין געבורט האָט איהם די הייבאַם אַריינגעוואָרפען אין דעם נילוס אַזוי ווי דער קעניג האָט בעפויהלען, דען זי איז געווען אַ פורכטזאַמע פרוי און זי האָט מורא געהאַט פאַר פּרעה'ס צאָרן; איז דאָס קינד אַרומגעשוואומען אויפ'ן וואַסער אַ האַלבען טאָג און אַ פערטעל אָוונט, און אויפ'ן אָוונט האָבען איהם די ווערלען פערטראָגען ביז צום געפלעכט ביים ברעג פונ'ם נילוס, און ער איז געבליבען הענגען אינ'ם געמויזעכץ, דאָרט האָבען איהם די מענשען דערזעהען און זיי האָבען איהם אַרויסגעצויגען, און ער איז ניצול געוואָרען. זינט דעם האָט מען איהם גערופען „גליקס־קינד", צוליעב דעם נס, וועלכען גאָט האָט געטהון מיט איהם, און זיין מוטער האָט איהם אָנגעבונדען אויפ'ן האַלז אַ זיבענפאַך געפלאָכטען שאַרלאַך־רויט בענדעל, און דאָס דאָזיגע בענדעל האָט ער געטראָגען אויפ'ן האַלז זיין גאַנץ לעבען. ווען אָבער דאָס יונגעל אי דערוואַקסען געוואָרען און ער האָט געאַרבייט צווישען די אַרבייטער אויף דער מויער פון רעמסס, האָט ער אַמאָל אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען געזעהן אַ מיידעל, פועה האָט זי געהייסען, אַ קינד פון דרייצעהן

יאָהר מיט אַכט חדשים, פון די אַרבייטערינס אויפ'ן פעלד ביי פּיתום — און אין דער דאָזיגער מינוט האָט די מויערער-קעלנע געציטערט אין זיין האַנד און איז איהם אַראָבגעפאַלען אויף דער ערד. אויך דאָס מיידעל איז פּלוצלינג פערציטערט געוואָרען. דאַן האָבען זייביידע געוואוסט אין האַרצען, אַז אין דעם דאָזיגען אויגענבליק איז גאָט'ס גרויסע האַנד איבער זיי געקומען און ס'איז נישטאָ קיין ענטרינען מעהר פאַר איהר.

דרייצעהן טעג, טאָג און נאַכט, האָבען זיי ביידע געזוכט איינס דאָס אַנדערע, און האָבען זיך נישט געפונען, און אויפ'ן פערצעהנטען טאָג פאַרנאַכט האָט ער זי פּלוצלינג דערבליקט, שטעהענדיג אויפ'ן פעלד ביי מוף. ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, ווי מען געהט-צו צו אַ מענשען, מיט וועלכען מען האָט ערשט נעכטען גערעדט אָדער וועלכען מען האָט פערלאָזען ערשט מיט אַ האַלבער שעה צוריק. ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד און געפרעגט: „אויף וואָס וואַרטען מיר נאָך דאָ?" — און דאָס מיידעל האָט געציטערט אין איהר גאַנצען קערפּער און האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר די אויגען אַליין האָבען געענטפערט.

און טאָגס דערויף האָט זיי קיינער נישט געזעהן אין רעמסס אָדער אין פּיתום און זיי זענען געבליבען פערשוואונדען.

נאַכט און טאָג, נאַכט און טאָג האָבען זיי ביידע געוואַנדערט, זיך אָנהאַלטענדיג איינס דאָס אַנדערע פאַר די הענד און וואַרפענדיג מיט די הענד ביים געהן, און וואו אַהין זיי געהען האָבען זיי נישט געוואוסט. און נישט געוואוסט האָבען זיי, וואָס זיי פערלאַנגען. ווי צוויי קינדער זענען זיי געווען, קליין און ריין און אונשולדיג — און אין האַרצען ביי זיי האָט עס געזונגען. פונ'ם פעלד ביי רעמסס זענען זיי געקומען קיין סוכות, און פון סוכות קיין איתם, און פון איתם קיין מגדול ביי פּי־החירות, און זיי אַליין האָבען נישט געוואוסט, ווי די ערטער הייסען און וואו זיי זענען — און דאָס האַרץ אין זיי האָט נאָר געזונגען. אויפ'ן דריטען טאָג אינדערפריה, ווען זיי האָבען אויפגעהויבען די אויגען, האָבען זיי פּלוצלינג געזעהען פאַר זיך די פירכטערליכע מדבר, די מדבר שור, און דער גרויסער סטעפּ איז געלעגען אויסגעגאָסען פאַר זיי אין פירכטערליכע אונענדליכע ווייטענישען, וועלכע דאָס אויג קאָן נישט מעהר דערכאַפּען — דאָ האָבען זיי זיך פּלוצ-

לינג צעלאַכט אויפ׳ן קול און האָבען געזונגען. וואָס געהט זיי אָן אַ מדבר און וואָס אַ סטעפּ? ווי די ווילדע ליליעס אין די טהאָלען זענען זיי געווען. און ווי דער קאָנדור־פויגעל אונטערען הימעל, וועלכער ווייס נישט וואָס זאָרג איז. געגאַנגען זענען זיי און געקליבען האָבען זיי אויפ׳ן וועג יעדעס גרעזעל, וועלכעס קען געגעסען ווערען, און יעדעס געשטרויך צווישען די דערנער און יעדעס געוויקס צווישען די פעלז־שפּאַלטען, און אָפּט, געפינענדיג אַנ׳אוצר פון געזונדטע פעלד־אוגערקעס אָדער פון וואַלד־קריי־טעכצער און קנאָבעל־וואָרצלען, פלעגען זיי זיך זאַט עסען און דאָס איבער־געבליבענע איינגעבונדען, און טיילמאָל האָבען זיי זיך געמאַכט דעם שפּאַס און האָבען דעם רעשט אַרויפגעלעגט אין אַ בינטעל אויף אַ שטעקען און האָבען עס ביידע צוזאַמען געטראָגען אויף די פּלייצעס — און דאָס האַרץ אין זיי האָט נאָר געזונגען. ווען די מערדערישע היץ האָט געפלאַמט ביי־טאָג, איז דאָס יונגעל געשטאַנען נעבען דעם מיידעל מיט אַ לאַנגען פּאַלם־צווייג אין דער האַנד און האָט איהר געפאָכעט, אום איהר אַ קיהל ווינטעל צו פערשאַפען. און ביינאַכט, ווען די שטעכעדיגע קעלט האָט געגעסען, זענען זיי ביידע געלעגען אין עפּעס אַ שלוכט, האַרץ ביי האַרץ און קערפּער ביי קערפּער, און עס איז זיי וואַרם געוואָרען. טיילמאָל, ווען אַ רעגען איז אַראָבגעפּלאָצט פּלוצלינג פון הימעל און די בליצען האָבען געצונדען און די פייער־ריטער האָבען געפלאַמט, דאַן האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט אַ מי־נוט לאַנג און זיי זענען געשטאַנען ראַטלאָז — פּלוצלינג אָבער האָבען זיי זיך צעלאַכט, אַז עס האָט געהילעכט, און זיי האָבען זיך געוואָרפען אין די אָרעמס און האָבען איינס דאָס אַנדערע געקושט און געקושט אָהן אויפהער. און ווען דער גרויסער שטורעם־ווינד האָט זיך אויפגעכאַפּט, פייפענדיג און ווילדעווענדיג, אַזוי אַז יעדעס טיער פון פעלד האָט זיך בעהאַלטען אין זיין נאָרע און יעדער פויגעל אונטער׳ן הימעל האָט געאיילט אין זיין נעסט אַריין, דאַן האָבען זיך ביידע אַ מינוט לאַנג אָבגעשטעלט ראַטלאָז — פּלוצ־לינג אָבער האָבען זיי זיך איינס דאָס אַנדערע דערלאַנגט די הענד, האָבען אויסגעשטרעקט די אָרעמס פעסט און די קעפּ צוריקגעוואָרפען הינטערווייַ־לעכץ און האָבען אָנגעהויבען טאַנצען פּלוצלינג אַ ווינד־מיהל. און מושי פלעגט רעדען צו פועה און פלעגט זאָגען: „דערלאַנג מיין מיידעל, וועלען

מיר לויפען האנד אין האנד! אנטקעגען דער גרויסער מדבר וועלען מיר לויפען און ביז צו דעם שטיקעל גרינע לאנקע אנטקעגען! צו דעם ווילדען געדיכטען וואלד וועלען מיר זיך לאזען און בעהאלטען וועלען מיר זיך צווישען די געשטרויכער! אונזערע קליידער און אונזערע העמדער וועלען מיר זיך אויסטהון, און נאקעט וועלען מיר לויפען, ווי די מאמע האט אונז געבוירען! דערלאנג, שוועסטער, דערלאנג, וועלען מיר בעקרענצען דעם גליהענדיגען שטערען מיט בלומען פון רויטען, ווילדן, גליהענדיגען מאהן, און די בלומען וועלען לאטערען אין דער לופט ביים לויפען!"

אזוי זענען זיי געלאפען און געקומען ביז מרה. און אזוי פון מרה ביז אילים. אין אילים האבען זיי געפונען צוועלף וואסער־קוואלען און זיבעציג טייטעל־בוימער. אוןביידע זענען זיי געלאפען פון איין קוואל ביז צום אנדערען, מיט'ן ערשטען האבען זיי אנגעהויבען און מיט'ן לעצטען האבען זיי געענדיגט און זיי האבען געשעפט וואסער מיט דער הויהלער האנד און האבען דערלאנגט איינער דעם אנדערען אבוועקסעלענד צום מויל צו טרינקען — און האבען זיך צעלאכט אויפ'ן קול, אזוי אז די זיבעציג טייטעל־בוימער האבען אנגעהויבען רוישען. דאן זענען זיי אוועק צו די טייטעל־בוימער, פון בוים צו בוים, פונ'ם ערשטען ביז'ן זיבעציגסטען, און פלוצלינג האט זיי א חשק אנגענומען, ארויפצוקלעטערען יעדער אויף א בוים. און זיי האבען געקלעטערט און האבען זיך אוועקגעזעצט יעדער אויפ'ן העכסטען שפיץ פון בוים, בעהאלטען צווישען די ברייטע בלעטער. און איינער צום צווייטען האט גערופען: „טויב אדער שפארבער?" — און זיי האבען געלאכט און גערוישט און געהילעכט, אזוי אז די צוועלף וואסער־קוואלען האבען אנגעהויבען ברויזען. נישט געוואוסט האבען די קינדער, וואס עס איז מיט זיי, און זייער הארץ האט געזונגען פאר גליק און גוטס און זעליגקייט.

און פון אילים האבען זיי געוואנדערט און האבען דעם וועג נישט געוואוסט און זיי זענען געקומען ביז צו דער מדבר סין, און אין דער מדבר סין האבען זיי געבלאנדזשעט דריי טעג און דריי נעכט און זענען געקומען קיין רפידים. און פון רפידים זענען זיי געגאנגען און האבען דערבליקט פאר זיך א בארג, און זיי האבען נישט געוואוסט, ווי ער הייסט און וואס ער איז.

דאָ האָט פּועה געזאָגט: „איך בין מיעד, און מושי האָט געזאָגט „איך וויל שלאָפֿען". און ווי צוויי קינדער זענען זיי געווען. זיי זענען אריין אין דעם באַרג און האָבען געפונען עפּעס אַ הייהל אין די פערבאָרגענע שפּאַלטען, און די הייל איז געווען אויסגעצייכענט אויף זיך צו בעזעצען דאָרט, און זיי האָבען זיך צורעכט געמאַכט אַ וואוין־אָרט און האָבען איהם אויסגע־פלאַסטערט מיט ווייסען זאַמד און האָבען בעשלאָסען, נישט מעהר צו וואַנ־דערען און צו בלייבען דאָרט אויף אייביג — און זיי האָבען זיך דאָרט בע-זעצט.

זיי האָבען נישט געוואוסט, אַז דאָס איז דער באַרג סיני.
זיי זענען געווען ווי די קליינע קינדער.

*

די גאַנצע וועלט אַרום זיי איז געווען אין זייערע אויגען ווי נישט-געווען און נישט־בעשאַפען. דער הימעל האָט געהאַט פאַר זיי אַ בעלאַנג אויף אַזוי פיעל, ווי ער איז זיך אָנגעגאַנגען עפּעס מיט זייער ליעבע, און די ערד — אויף אַזוי פיעל ווי זי האָט זיך אָנגעהערט עפּעס מיט דעם ביסעל עסען אָדער מיט די פרוכט־וואָרצלען, וואָס זיי האָבען בעדאַרפט פון איהר, און מיט אַ מינוט שפּעטער האָבען זיי אויך דאָס שוין פערגעסען געהאַט, און געדענקט האָבען זיי נאָר זיך און זייער גרויסע ליעבע. זיי האָבען קיין שום וואונש נישט געהאַט, אַ מענש צו זעהען אָדער זיך נאָך עפּעס צו ערקונדי־גען, דען איינס דאָס אַנדערע זענען זיך געווען פאָלקאָם געגוג, און עס האָט זיי גאָרנישט מעהר געפעהלט. טיילמאָל איז זיי דאָס גאַנצע טהועבץ אין דרויסען און אַרום זיי געוואָרען לעסטיג און איבערדריסיג און אריבער־פליסיג. טיילמאָל האָבען זיי דעם הימעל בעטראַכט ווי עפּעס אַ שטערונג, וועלכע הינדערט זיי אין זייער גרויסען לעבענס-אינהאַלט. זייער וואונדערבאַר דאָ אין לעבען, און טיילמאָל איז די ערד פאַר זיי געוואָרען אַ הינדערניש, וועלכע שטערט זיי אין זייער הייליגסטער טהאַט, וואָס זיי האָבען צו טהון. יעהיימנים איז געווען ביי זיי אין האַרץ, ווי בייטאָג אַזוי ביינאַכט, און יע־דעם פרעמדע אויג און יעדע בעריהרונג פון דרויסען איז געווען אַנ'אָבהאַל־

טעניש. איז אַמאָל אין אַ חודש אָדער אין צוויי פֿאַרבייגעקומען עפּעס אַ וואַנדערער ביי דעם אָרט, וואו זיי האָבען זיך בעזעצט, האָבען זיי מיט איהם קוים אַ צוויי־דריי ווערטער אויסגעטוישט, און אין אַ מינוט האָבען זיי זיך שוין ווידער געהאַט בעהאַלטען פֿאַר איהם אין זייער פֿערשטעקטען ווינקעלע און איז אַמאָל אַנגעקומען עפּעס אַ פּאַסטוך מיט זיין ביסעל שאָף ביז פֿאַר׳ן באַרג, האָבען זיי איהם אין איילעניש דערלאַנגט פֿון דעם פֿאָרראַט פֿון יאַגדעס און פֿון רויטע מאָהן־קעפּלעך, וואָס זיי האָבען געהאַט אָנגעקליבען, און זיי האָבען דערפֿאַר בעקומען פֿון איהם פֿון זיין ברויט. און אין אַ מינוט שפּעטער זענען זיי שוין געווען אַוועק און פֿערשטעקט ווידער אין זייער בעהעלטעניש.

פֿערזונקען איז געווען דאָס גאַנצע וועלט-אַל אַרום און אַרום, עס איז נישט געווען קיין שום וועלט און קיין שום זאַך, עס איז נאָר געווען מושי פֿאַר פּועה׳ם ווענען און פּועה פֿאַר מושי׳ם ווענען — און דאָס איז געווען דאָס גאַנצע לעבען.

פֿריהמאָרגענס, ביים אויפֿגאַנג פֿון דער זון, זענען זיי געלעגען ביים איינגאַנג פֿון דער הייהל, נאַקעט ביידע, איהר לינקע האַנד אויף זיי האַרץ און זיין רעכטע אונטער איהר נאַקען, און האָבען געחלום׳ט מיט אָפּענע אויגען און האָבען געקוקט אין דעם הימעל.

„ווייסט דו", האָט זי געזאָגט, „ווי צאַרטע זונען־פֿעדים זענען דיינע לאָקען ווייך, און די האָר ביי אַנדערע מענער זענען האַרט און געשפּאַנט. ווי צוויי זונען פֿלאַקערען אין די הייהלען פֿון דיינע אויגען, און אין די אויגען־הייל ען ביי די אַנדערע זענען נאָר צוויי אויסגעלאָשענע גלאָז־שטיינדלעך, ווי אַ גאָט-זוהן ביזטו שעהן, און די אַנדערע זענען ווי ערד־ווערם, שלעכט פֿון געשטאַלט און שלעכט פֿון בעוועגונג. פֿול ביסטו מיט געהיימנים, ווי דאָס גרויסע וואונדער, וועלכעס האָט קיין נאָמען נישט, און די אַנדערע זענען קלאָר ווי דער דורכזיכטיגער טאָג — און אַך, ווי קען איך דעם טאָג נישט ליידען!"

אין דער אָוונט־צייט, ווען די גרויסע צוקענדע שטערען זענען אַרויס אויפֿ׳ן הימעל, זענען זיי געלעגען איינס נעבען אַנדערען, נאַקעט ביידע און זייערע אויגען האָבען זיך ווי די עגבערס אַריינגעבויערט אין דער הימעלס־

דעק.

„שטיהל ביזט דו", האָט ער געזאָגט, „און געטרענקט פון בעהאַלטענער גלות, ווי די בלום אין דעם אור-וואַלד פון דער מדבר שור. געפילט ביסטו מיט אייביגער זעהנזוכט, ווי דאָס אָווענט-ליעד אויף אַ פערלאָזען פעלד. יעדעס גליד אין דיר ברענגט צו פערפיהרונג, ווי די שאַרף פון אַ שווערד. דו לאָקערסט או רופסט מיך, ווי דאָס בלויע אירר-ליכטעל איבער'ן זומפּ".

און מיטאָגס-צייט:

„ווי אַ שטערען — האָט זי געזאָגט — ביזטו מיר, וועלכער פאַלט־אַראָב אין מיין שויס אין דער פינסטערער נאַכט, ווי עס פאַלט דאָס זילבער־שטיק".

„טיעף ביזטו — האָט ער געזאָגט — און פירכטערליך און טונקעל און פול געהיימנים, ווי אַ ברונען".

און נישט געקושט האָבען זיי איינס דאָס אַנדערע, נאָר געגעסען איינס דעם אַנדערענס פלייש מיט'ן פולען מויל. און נישט געהאַלזט האָבען זיי זיך, נאָר צונויפגעפּרעסט, פערזונקען, פערשמאָלצען, צונויפגעגאָסען זיך און אויפגעלעזט איינס אין דעם צווייטען: איין נשמה און איין קערפּער. — —

און טעג נאָך טעג זענען אַוועק און חדשים נאָך חדשים, און אַזוי איז פערגאַנגען העכער אַ יאָהר.

טיילמאָל האָט זיי פערדראָסען, אַז אַ זון איז דאָ אין הימעל, און די דאָזיגע שטערט זיי אַמאָל, און טיילמאָל זענען זיי איפערזיכטיג געוואָרען דערויף, וואָס עס איז פאַרהאַן אַ לעבעדיג וועזען אויף דער ערד נאָך חוץ זיי, און טיילמאָל האָבען זיי זיך געקרענקט, וואָס ס'איז דאָ אַ בוים און אַ פעלד-בלום און אַ פויגעל און אַ שטיין און אַ קערנדעל זאַמד נאָך אויסער זיי אויף דער וועלט, און דאָס אַליץ שטערט זיי מינוטענווייז איז זייער איינ־זאַמקייט און ליעבע און לעבען. צו וואָס האָט גאָט דאָס אַליץ בעשעפען? צו וואָס האָט ער נישט בעשאַפען נאָר זיי ביידען אַליין? . . .

*

און נישט געוואוסט האָבען זיי, אַז זיי וואוינען אין באַרג סיני...

איינמאָל אין אַ פריהמאָרגען האָט זיך פּלוצלינג פון דער נאָהנטסטער נאָהנט געלאָזט הערען אַ געוואַלדיג גרויס גערודער פון אַ מחנה פון טויזענ־דער מענשען מיט אונצעהליגע סטאַדעס, אַנ׳אונענדליך געטראַמפּעל פון שאָף און רינדער און פערד.

מושי און פּועה האָבען זיך זעהר געוואונדערט. ווער וואַגט עס דאָ אריינצודריגנען ביז אַהער צו זייער שטילען ווינקעלע און אויפצורודערן זייער בעהאַלטענע רוה און אויפצושרעקען זיי פון זייער גליק און זייער ליעבע? — ווי זיי זענען אַרויסגעקומען פון דער הייהל און האָבען זיך אומגעקוקט, האָבען זיי געזעהען פאַר זיך אַ מחנה פאָלק, געוואַלדיג גרויס און אונצעהליג, אויפשטעלענדיג זייערע געצעלטען אַנטקעגען דעם באַרג.

און געהערט האָבען זיי אַ מערקווירדיגע, וואונדערליכע זאַך: עפּעס אַ תורה זאָל דאָ געגעבען ווערען דעם דאָזיגען פאָלק, און אַ געזעץ און פאַר־שריפטען...

פּועה און מושי האָבען נישט פערשטאַנען. צו וואָס תורה? צו וואָס געזעץ און פאַרשריפטען? — דער אויסדרוק פון גרינגשעצונג האָט זיך בע־וויזען אויף ביידענס ליפּען.

און די דאָזיגע תורה וועט אַ גאַנצע וועלט איינגעהמען, פון איין עק ערד ביז׳ן אַנדערען עק, און דאָס דאָזיגע געזעץ און די דאָזיגע פאַרשריפטען וועלען די גאַנצע מענשהייט בעצווינגען, איטליכעם פאָלק און איטליכען שטאַם אויף דער ערד...

מושי און פּועה האָבען עס געהערט, און דאָס גאַנצע איז זיי פּלוצלינג זעהר לעסטיג געוואָרען. צו וואָס אַ תורה, וועלכע זאָל אַ מענשען שטערען, און פאַרוואָס נישט לאָזען דעם שעהנעם לעבען זיין גאַנג, ווי עס איז? — אַ שפּאָט האָט זיך געלעגט אויף זייערע ליפּען. ווען די דאָזיגע קליי־ניגקייטען זאָלען נאָר נישט קומען און שטערען זיי אין דעם גרויסען איינ־האַלט פון זייער לעבען! — זיי האָבען זיך צוגעאיילט, אום נאָר ווי צום גיכסטען ווידער אַריינצוקומען אין זייער הייהל אַריין, און זיי האָבען זיך בעהאַלטען אין דעם טיעפסטען ווינקעלע, כדי נאָר נישט צו הערען קיין איינציג וואָרט פון דרויסען און כדי קיין איינציגער טאָן פון דאָרט זאָל נישט צוקומען ביז צו זייערע אויערען. שוין אַ מינוט שפּעטער האָבען זיי זיך גע־

וואַרפען איינס אין דעם אַנדערענס אַרעמס, האַרץ ביי האַרץ און נשמה ביי נשמה — און דאָס, וואָס זיי האָבען אין דרויסען געזעהען און געהערט, האָבען זיי געגצליך פערגעסען.

און דאָס געוואַלדיג גרויסע פאָלק אין דרויסען האָט זיך דערווייל גע-הייליגט, און זיי האָבען געוואַשען זייערע קליידער אַ טאָג און אַ צווייטען, און אויפ'ן דריטען טאָג זענען זיי אַלע געווען גערייט.

פלוצלינג האָט די ערד דערלאַנגט אַ ציטער, פון עק וועלט ביז עק וועלט. און דער הימעל האָט זיך געשפּאָלטען און זיך צעריסען, פון מזרח ביז מערב, און וואונדערליכע, מערקווירדיגע צייכענס האָבען זיך בעוויזען אינ'ם הימעל און אויף דער ערד. רויטע און בלויע ליכטלעך האָבען גע-פלאַטערט אין די לופטען, פייער-צונגען און פלאַמען-ריטער האָבען זיך צע-פלאַקערט, פויסט-גרויסע, גלאַנצענדיגע, פליטערנדע שטערען האָבען אויפ-געלויכטען אין הימעל אין מיטען העלען טאָג, און פון צפון-זייט האָט זיך בעוויזען פלוצלינג אַ גרינליך-טונקעל ליכט, אין דער דאָזיגער מינוט האָט די ערד זיך פונאַנדערגעשאָקעלט, און פלוצלינג איז דאָס גאַנצע וועלט-וועזען פערגליווערט געוואָרען: די בוימער האָבען זיך אָבגעשטעלט פון וואַקסען, איטליך געוויקס און איטליכעס גרעזעל האָט אויפגעהערט שפּראָצען, די פעלזען-שפּאַלטען האָבען אויפגעריסען זייערע פירכטערליכע מיילער און האָ-בען געוואַרט אויף עפּעס, און איטליכעס טיער און איטליכעס בעשעפעניש און אַלצדינג, וואָס אָטעמט, האָט זיך אַוועקגעשטעלט און געוואַרט. עפּעס אַ לופט-שלאַנג, אין מיטען פליהען, האָט זיך אָבגעשטעלט אין דער מיטען פון הימעל, און האָט געהאָרכט, און אויף דער ערד איז געקראָכען אַ רינגען-רייכער נאָטער, האָט ער פלוצלינג אויפגעריכט זיין קאָפּ און האָט צוגע-הערט.

און אין דרינען, אין דעם בעהאַלטענסטען ווינקעלע פון דער הייהל, האָט מושי געקניהט אין דעם דאָזיגען אויגענבליק צו די פיס פון פועה און האָט איהר געקוקט אין איהרע אויגען —

פלוצלינג האָבען זיך דונערען געלאָזט הערען, און בליצען און פלאַמען האָבען געצוקט, און אַ שווערער וואָלקען איז אַראָב און האָט זיך געלעגט אויפ'ן באַרג און אויף דער ערד און אויף איטליכען טהאָל און אויף איט-

ליכען היגעל. די גאַנצע געוואַלדיגע מדבר האָט איינגעהאַלטען דעם אָטעם און האָט געהאָרכט. פּלוצלינג האָט דער שופר און האָבען די הערנער אָנגע־הויבען שמעטערן, און דער באַרג האָט זיך געדרויכערט און זיין רויך איז אויפגעשטיגען,, ווי דער רויך פון אַ קאַלך־אויוועז. און די כהנים זענען געשטאַנען אונטען ביים באַרג, אַ רייה נעבען אַ רייה, און די לויים זענען געשטאַנען, אַ רייה נעבען אַ רייה, און הינטער זיי אַ אונצעהליג פאָלק, ווי דאָס זאַמד ביים ים, אַלע אין ווייסע, פריש-געוואַשענע העמדער, און אויף זייערע געזיכטער איז געלעגען אויסגעגאָסען אַ פינסטערע שרעק.

אַ שווערער נעפעל איז אויפגעשטיגען און האָט איינגעהילט דעם גאַנ־צען באַרג.

און די בליצען און די דונערן און די פלאַמען זענען געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, און פּלוצלינג האָט זיך געהערט אַ שטים, און די שטים איז גאָרנישט קיין שטים געוועזען, נאָר אַ דונער, און דאָך האָט מען פון שטורעם אַרויס געהערט איטליכעס וואָרט דייטליך, און געדאַכט האָט זיך, אַז דאָס וואָרט הערט זיך ביז צום אויסערסטען עק פון אַלע פיער עקען פון דער וועלט און ביז צום לעצטען שפּיץ פון דער ווייטסטער אינזעל: —

„איך בין דער הערר, דיין גאָט — דו זאָלסט נישט האָבען קיין אַנ-דערען געטער נעבען מיר —"

אָבער אין דער דאָזיגער מינוט האָבען פּועה'ס ליפען שטיל געשעפּט־שעט אין מושי'ס אויערען: — שענער ביזטו פון אַלע מענשען־קינדער! ווי ביזט דו שעהן, ווי ביזט דו שעהן!

„דו פאָלסט דיר נישט מאַכען קיין שום געץ און קיין שום בילד — דו זאָלסט דיך נישט בוקען צו זיי און זאָלסט זיי נישט דיענען —"

און מושי האַלט פעסט פּועה'ס האַנד אין זיין האַנד, און זיין צונג פּלאַפּעלט, בערוישט פון ליעבע, און ער ווייסט נישט וואָס: — ליעבער האָב איך דיך פון אַלע טעכטער פון דער ערד! ווי איך האָב דיך ליעב, ווי איך האָב דיך ליעב!

„דו זאָלסט נישט אַרויסרעדען דעם נאָמען פון דעם הערר, דיין גאָט, אומזיסט — דער הערר וועט נישט אונבעשטראָפט לאָזען דעם, וועלכער וועט אַרויסרעדען זיין נאָמען אומזיסט!—"

און פועה פלאַפּעלט און רעדט, פלאַפּעלט און רעדט: — איך בעשווער דיך ביי גאָט'ס נאָמען, איך בעשווער דיך ביי דער זון בייטאָג און ביי דער לבנה ביינאַכט, איך בעשווער דיך ביים הימעל און ביי דער ערד: לאָז מיך אויסזויגען מיט מיינע ליפּען דעם געווירץ־ווייַן פון דיינע ליפּען, דען איך בין דורשטיג צו דיינע ליפּען, לאָז מיך בערוישען מיין זעלע מיט דיין פלאַמענדיג בלוט, דען נאָך בלוט געהט־אויס מיין זעלע, לאָז מיך איינבייסען מיט מיינע צייהן אין דיין פריש־בליהענדיג פלייש, דען צו לעבעדיג מענ־שען־פלייש האָב איך מיך פערגלוסט, לאָז מיך ווערגען דיך מיט די דאָזיגע מיינע הענד, ביז איך וועל ביסלעכוויז דיך טויטען מיט מיינע אייגענע הענד!

„געדענק דעם טאָג פון שבת, איהם הייליג צו האַלטען — זעקס טעג האָט געמאַכט דער הערר דעם הימעל און די ערד, דעם ים און אַלץ, וואָס איז אין זיי" —

און מושי'ס ליפּען בעוועגען זיך, און ער ווייסט נישט וואָס, און זיינע ליפּען שעפּטשען:—לאָז רוהען אויף מיר דיין גליהענד אויג! זאָל מיך דיין אויג פערפלאַמען און צעשמעלצען, ביז איך וועל אויפגעלעזט זיין און ביז איך וועל אויפהערען צו זיין, אוי פועה, פערזינקען וויל איך מיך אין דיר ביז אין די טיעפסטע אָבגרונדען פון דיין זעלע! ווייכער זענען דיינע לאָקען פון זייד און פון די געטאָקטע סטאַדעס אויפ'ן פעלד פון תחפּנס, צאַרטער זענען דיינע האָר פון דעם שילף־באַסט ביים ברעג פונ'ם נילוס! ווי פרעה'ס זיילען ביי רעמסס זענען די רונדונגען פון דיינע שענקלען! עס זענען דיינע צוויי ברוסטען ווי די מירהאַ־היגלען, אויף וועלכע איך רוה צו מיטאָג־צייט!

„עהר דיין פאָטער און מוטער — דו זאָלסט נישט מאָרדען — דו זאָלסט נישט פערפיהרען — דו זאָלסט נישט גנב'ענען — דו זאָלסט נישט געגען דעם צווייטען פאַלש עדות־זאָגען" —

פּלוצלינג איז מושי בלאַס געוואָרען. געקומען איז די שטים פון דעם שטורעם אַרויס און האָט דערגרייכט ביז צום בעהאַלטענעם ווינקעלע אין דעם לעצטען עק פון דער הייהל, און זי האָט איהם אויפגעשרעקט פון זיין אָרט.

„דו זאָלסט נישט גלוסטען צו דעם הויז פונ׳ם צווייטען — דו זאָלסט נישט גלוסטען צו דער פרוי פונ׳ם צווייטען —".

און פועה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איהר אָרט און איז שטעהן געבליבען:

— דו הערסט? דו הערסט, מושי? — און פועה און מושי האָבען זיך אַריינגעשטעקט די פינגער אין די אויערען אום נישט צו הערען...

און אַ געוואַלדיגער שרעק איז אויף זיי אָנגעפאַלען, און זיי האָבען נישט געוואוסט פאַרוואָס, און נאָר געפּאַרכטען האָבען זיי זיך פּלוצלינג, און האָבען די געוואַלדיגע פורכט נישט פערשטאַנען...

*

טעג זענען אוועק. די גרויסע מחנה, וועלכע האָט איהרע געצעלטען געהאַט אויפגעשטעלט אַנטגעקען דעם באַרג, האָט זיך גערוקט און איז ווייטער געצויגען און איז פערשוואונדען געוואָרען. די מדבר איז ווידער שוין געווען לעדיג ווי געווען. די פעלזען זענען געשטאַנען שטום און האָבען געבליקט אין די וויסטעניש אַריין — און ווידער איז די שטילקייט געווען ווי פריהער.

און די פורכט, וועלכע איז אָנגעפאַלען אויף דיביידע, איז אַלץ געוואָרען שטאַרקער און שטאַרקער. זיי האָבען קיין רוה נישט מעהר געהאַט —און זיי האָבען נישט געוואוסט פאַרוואָס. ווי אַ לאַסט איז געלעגען אויף זיי...

די לעבענס־לוסטיגקייט איז פּלוצלינג אָבגעטרעטען פון זיי.

און איינמאָל ביינאַכט, ווען פועה איז געלעגען נעבען מושי און האָט נישט געקענט שלאָפען, האָט זי זיך אויפגעזעצט און האָט געזאָגט:

— ווייסט דו, מושי? איך בין נאָך אַ קליין מיידעלע געווען, און געזעסען בין איך אויף דער באָבעס שויס, און יעצט גראָד איז עס מיר אויף׳ן זין געקומען. די באָבע האָט מיר דערנסמאָל אַ שרעקליכער מעשה דערצעהלט: עפּעס איז אַ מענש געווען אין דעם עדן גאָרטען, ער מיט זיין וויב צוזאַמען, און אַמאָל אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען זענען זיי פון דאָרט געוואָרען אַרויס־

געטריבען, און האָבען אַליין נישט געוואוסט פאַרוואָס. גאָט'ס גרויסע האַנד איז געקומען איבער זיי — און פּלוצלינג איז זייער לעבען געוואָרען זיי צו אַ לאַסט...

מושי איז געווען פערשטערט און פערקלערט. לאַנג איז ער געזעסען און האָט געשוויגען. פּלוצלינג האָט ער שטיל געזאָגט:

האָט דער מענש איינמאָל אויפגעמאַכט די אויגען נוצט איהם נישט דאָס, וואָס ער וועט זיי ווידער פערמאַכען. דאָס געזעהענע וועט נישט מעהר ווייכען פון איהם...

און טעג לאַנג זענען זיי געזעסען איינס נעבען דעם אַנדערען און האָבען קיין וואָרט נישט גערעדט. ווי זיי וואָלטען זיין שטום געוואָרען.

און איינמאָל אינדערפריה, ווען מושי איז אויפגעוואַכט, איז דאָס געלע־גער נעבען איהם געווען לעדיג און פּועה איז נישט געווען. ביינאַכט איז זי שטילערהייד אַוועק, אום נאָכצויאָגען און צו דערגרייכען די מחנה. דאָ האָט אויך מושי זיין פּעקעל געפּאַקט און איז געגאַנגען.

און קומענדיג צו דער מחנה, האָט ער דאָס מיידעל געזעהן, און זי איז איהם עפּעס אַזוי ווייט און אַזוי פרעמד געווען. באַרוועס איז זי געגאַנ־גען נאָך דעם מאַן משה און איז נישט געוויכען פון איהם. ווי אַ שאָטען איז זי איהם נאָכגעגאַנגען.

האָט די תורה דאָס לעבען בעצוואונגען? איז זי אַזוי שטאַרק, אַז דאָס לעבען מוז זיך איהר אונטערוואַרפען?

ער האָט געקלערט און געקלערט. און נאָכגעגאַנגען איז אויך ער נאָך דער מחנה און האָט זיך בעהאָפּטען מיט איהר און האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס. ווי אַ שאָטען איז ער נאָכגעגאַנגען.

און האָט ער אַמאָל פּועה'ן דערזעהן, איז זי איהם לעסטיג געווען, און ער האָט איהר בליק נישט געקענט פערטראָגען און איז געלאָפען פון איהר. און אויך פּועה האָט איהם נישט געקענט מעהר פערטראָגען און האָט איהם אויסגעמיטען.

און זייער פריידיגקייט איז געוויכען פון זיי אויף אייביג.

# די קופערנע שלאַנג

ווען עס איז פאָרגעקומען די גרויסע שלאַכט ביי אדרעי, אין אכטאונ־דרייסיגסטען יאָהר פון די אידישע וואַנדערונגען אין דער מדבר, איז צווישען די געפאַנגענע, וואָס די בני ישראל האָבען גענומען יענעם טאָג פון די אמורים, געוועזען אויך אַ פרעמדער יונגערמאַן, אַ זוהן פון אַ מדיני־שער פרוי, הויכגעוויקסיג מיט אַ זעהר שעהנעם קאָפּ, דישון האָט ער גע־הייסען. אַ גאַנצען טאָג איז ער געזעסען אין טאַבאָר פון קעניג עוג'ס חייל, און צו אָוועגט־צייט, ווען די זון איז אונטערגעגאַנגען, איז ער גענומען גע־וואָרען אין געפאַנגענשאַפט. און די בני ישראל האָבען זיך דערבאַרימט איבער איהם און איבער זיין שעהנהייט און יוגענד, און ווען זיי האָבען אויסגעהרג'עט אַלע מענער פון בשן מיט די פרויען און קינדער, האָבען זיי דעם יונגענמאַן נישט געהרג'עט, ווייל ער איז געווען אַ מדיני און זיי האָבען איהם מיטגענומען מיט זיך און איהם געבראַכט ביז צו דעם געמאַרק פון ישראל וואָס נעבען עיי־העברים און איהם געגעבען אַ פּלאַץ צווישען די בני ישראל אין דעם שטאַם גד. דאַן איז אַהערגעקומען צו איהם אין דער מחנה אויך זיין מוטער קטורה, און זיי האָבען זיך אויפגעשטעלט אַ קליין געצעלט, אין וועלכען זיי האָבען צוזאַמען געוואוינט.

און די גאַנצע מחנה פון איין עק ביז צום אַנדערען עק האָט געקענט דעם יונגען מדיני מיט די פערחלומטע אויגען, וואָס אַ ווייכער טרויער איז תמיד געווען אויסגעגאָסען אויף זיין פנים און די גאָלדענע לאָקען זענען איהם געפלויגען איבער'ן קאָפּ ווי קליינע שלאַנגען — און ער פלעגט אַרומ־געהן אין דער מחנה ווי אַ פערחלומטער גאַנצע טעג.

אין דער הויך האָט געפלאַמט די זון און בעטויבט אַלע קעפּ, און אונ־טען האָט געגליהט דאָס זאַמד ווי אַ בראַנד און בערוישט אַלע הערצער — אָבער דער יונגערמאַן האָט גאָרנישט געוואוסט און גאָרנישט בעמערקט. יעדען טאָג פלעגט ער אַוועקגעהן צום ברעג פונ'ם טייך ארנון, וואָס נעבען

דעם דאָרף ערוער, און ער האָט זיך געמאַכט אַ װוּנדקע, װעלכע ער פּלעגט אַראָבלאָזען אין װאַסער אַריין צו פאַנגען מיט איהר פיש. דאָרט פּלעגט ער זיצען און טרוימען אַ גאַנצען טאָג, און אין אָװענד פּלעגט ער אַרויפשטייגען פונם גד-טהאָל אויפ׳ן שפּיץ פונ׳ם הור ההר און זיך אָבשיילען אַ יונג שטעקעלע שילף און זיך מאַכען אַ פייפעל, אויף װעלכען ער פּלעגט-פייפען ביז אין די טיעפע נאַכט אַריין. און די גאַנצע מדבר אַרום האָט זיך צוגעהערט צו דעם װייכען קלאַנג פון דעם פייפעל און אויף אַ װיילע איינגעהאַלטען דעם אָטעם. עס האָט זיך דורכגעטראָגען אין דער לופט עפּעס אַנ׳אויסגעצױגענע פּלאַטערדיגע בענקשאַפט, אַנ׳אונבעשרייבליך אומעטיגע, װאָס האָט זיך אויסגעדאַכט און די שטערען האָבען אַ ציטער געהטון און די מענער און פרויען, װאָס האָבען געװאױנט אונטען ביים באַרג, זענען אַרוים פון די געצעלטען און זיך אָװעקגעשטעלט און צוגעהערט מיט אָפענע מיילער, און פלוצלינג האָט זיך אַ זיפץ ביי זיי אַרויסגעריסען און זיי האָבען אויך אָנגעהויבען טרוימען. טיילמאָל אָבער האָט דער יונגערמאַן פערלאָזען זיין װענדקע בייטאָג און זיין פייפעל בייגאַכט, און ער פּלעגט װאַנדערען אַ גאַנצען טאָג אין די סטעפּעס פון מואב און אַרומגעהן אַ גאַנצע נאַכט אין װיסטע מענשענלערע געגענדען. און האָט זיך דערטראָגען צו זיין אויער פון דער נאַכט-שטילקייט אַרוים דאָס געהייל פון אַ הונגעריגען װאָלף — פּלעגט ער אויפגעמונטערט װערען אַ װיילע און איז דעם קלאַנג אַנטקעגענגעגאַנגען. און די מוטער האָט איהם נישט געשטערט צו געהן, װאוהין ער האָט נאָר געװאָלט.

בלויז איינמאָל האָט זי איהם געשטערט צו ערפילען זיין װאונטש. עס איז געװען דער גרויסער יום-טוב אין אבל־שטים און די מיידלעך האָבען זיך פערזאַמעלט פאַר׳ן בעל-פעור צו טאַנצען זייערע טענץ און ברענגען אַנ׳אָפּפער פון זייער יונגפרוילּיכקייט, און דאָס פאָלק האָט געצױגען אַהער פון נאָהנט און פון װייט, דאַן האָט אויך דישון זיך געקליבען צו געהן קיין שטים, אָבער זיין מוטער האָט איהם נישט געלאָזט. „געה נישט, מיין זוהן, געה נישט! אויב דיין לעבען איז דיר ליעב, מיין קינד — טאָ געה נישט. דאָרט װעלען די מיידלעך טאַנצען, און שענער זענען זיי פון אַלע מענשענטעכטער, װאָס זענען אַמאָל אויף דער װעלט געװען״. דער יונגערמאַן האָט

געפאָלגט, אָבער ער האָט גאָרנישט פערשטאַנען און נישט געוואוסט. דאָס פאָלק ארום האָט זיך דערוואוסט וועגען דעם און איינער מיט'ן אנדערען האָט זיך אָנגעהויבען צו סוד'ען און זאָגען: איצט איז די זאַך שוין בע־וואוסט! ער איז פון דעם דודנים־שטאַם..."

די דודנים זענען געווען א קליינער שטאַם, וועגען וועלכען מ'האָט וואונדער דערצעהלט: — די מענשען פלעגען שטאַרבען אין דעם טאָג, ווען זיי האָבען א פרוי געליעבט. דען אנדערש ווי די גאַנצע וועלט פלעגען די דאָזיגע מענשען ליעבען: אָהן שטורעם און אָהן שטיפעריי, נאָר מיט זייער גאַנצען וועזען, מיט אַלע פיבערען פון זייער נשמה און מיט אַלע מוס־קולען פון זייער הארץ, און מיט אַלע פעדים פון זייער הויט און מיט'ן גאַנ-צען מאַרך און בלוט. אפילו דאָס קליינע נעגעלע וואָס אויף דעם דוימען פון זייערע הענד האָט געליעבט, און אפילו די האָר אויף זייערע קעפ האָבען געברענט. ווי א פלאַם פייער פלעגט די ליעבע פלוצלינג זיי ארומכאַפּען און דאָס הארץ פלעגט ווי פלאַקס פערצעהרט ווערען. דאַן פלעגט די ליעבע זייער גאַנצען מאַרך אויפזויגען ביז זיי זענען ווי אַנ'אויסגעברענטע קויהל געבליבען, אָבער זיי פלעגען נישט אויפהערען ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען, ווי עס געהט אוים א ליכט אינ'ם לייכטער. און די אומגליקליכע פרוי האָט דאָס אַלץ געוואוסט. אַזוי איז מיט צוואַנציג יאָהר צוריק איהר מאַן געשטאָר־בען יונגערהייט. איינאונצוואַנציג יאָהר איז איצט אַלט איהר דישון, און ער האָט נאָך קיין פרויען־פּנים אָהן א שלייער נישט געזעהן.

און דער יונגערמאַן איז ארומגעגאַנגען אין דער מחנה פערזונקען אין זיינע טרוימען. בייטאָג האָט ער געכאַפּט פיש און בייגאַכט געפייפט אויף זיין פייפעל. און איינמאָל, ווען ער איז אויף א הויכען בוים געזעסען, הענגענדיג צווישען די צווייגען, דען ער האָט א טויבען־נעסט בעמערקט און געוואָלט די מוטער אוועקלאָזען און די יונגע טייבעלעך צו זיך נעהמען — אין יענעם אויגענבליק האָט ער דערזעהן, ווי אונטען שטעהט א מיידעל. א שכרות, ווי א גליהענדער פייער־שטראָם, האָט איהם אין דעם מאָמענט דורכגעריזעלט און זיך צעפלאָסען אין אַלע זיינע אָדערען, זיין הארץ האָט פלוצלינג אויפגעהערט צו קלאַפּען א ווייל, — און ווען ער איז אַראָב, איז שוין דאָס מיידעל געווען פערשוואונדען.

דישון האָט קיין וואָרט נישט אויסגערעדט און זיך געלאָזט געהן. ער האָט ביי קיין מענש זיך נישט ערקונדיגט און נישט נאָכגעפרעגט, אַז דאָס מיידעל געפינט זיך הינטער די בערג, ווייל קיין שלייער האָט נישט צוגע- דעקט איהר פּנים און אַזוי פיהרען זיך נאָר די מיידלעך וואָס הינטער די בערג. ער האָט זיך דעריבער געלאָזט געהן דאָרט אַהין הינטער די בערג. אַז ער האָט די אויגען צוגעמאַכט, האָט ער איהר געשטאַלט געזעהן פאַר זיך, און ווען ער האָט זיי צוריק געעפענט, איז די געשטאַלט פערשוואונ- דען. ער איז געגאַנגען אַהן אויפהער, ארומקרייזענדיג די בערג און האָט אויף קיין מינוט זיך נישט אָבגעשטעלט. ווי אַ הונד, וואָס פערלאָזט זיך אויף זיין שפּיר־זין, אַזוי איז ער געגאַנגען טאָג און נאַכט, וויסענדיג זיכער, אַז ער וועט אָנקומען ביז איהר ביידעל.

צוקומענדיג צו איינעם פון די ביידלעך, איז ער שטעהן געבליבען. ער האָט דאָן פּלוצלינג געוואוסט, חאָטש קיינער האָט דאָס איהם נישט געזאָגט, אַז דאָ געפינט זי זיך. און טאָג און נאַכט האָט ער אויף איהר געלויערט. אינדערפריה פלעגט ער שטעהן אויפ'ן שפּיץ באַרג אַנטקעגען איהר ביידעל און האָט געלויערט, און אין אָוועגט פלעגט ער זיך אָוועקלעגען צווישען די געשטרויכען וואָס הינטער איהר שלאָפקאַמפּער און געוואַרט. און איינ- מאָל פאַרנאַכט, ווען די זון האָט זיך שוין אַראָבגעלאָזט און דאָס מיידעל האָט זיך געבאָדען אינ'ם טייך זרד, פון קיין בייז נישט וויסענדיג — האָט דישון זי דערבליקט אַ נאַקעטע.

זיין פּנים איז דאַן ווייס געוואָרען ווי דער קאַלך אינ'ם יריחו־טהאָל.

און אַז ער האָט אין פערציג טאָג ארום זיך אומגעקעהרט צו זיין מוּ־ טער'ס געצעלט אין עיי העברים, האָט איהם די מוטער נישט דערקענט. ער איז אַרומגעגאַנגען נאָך בלויז ווי אַ שאָטען, אָבגעשוואַכט און זעהר מיעד. פון אָנהויב האָט ער קיין וואָרט נישט דערצעהלט, נאָר ערשט שפּעטער, פּלוצלינג, האָט ער זיך אַ וואָרף געטהון אויף דער מוטער'ס שויס און זיך צעוויינט אויף אַ קול. נאָכהער האָט ער זיך אַנידערגעלעגט אויף דער ערד אינ'ם געצעלט און איז אַזוי געלעגען דריי טאָג. און אויפ'ן פיערטען טאָג ביינאַכט, ווען עס איז שטיל געוואָרען, האָט ער געבעטען, מ'זאָל איהם זיין פייפעל געבען און מ'האָט עס איהם געגעבען. ער האָט דאַן גענומען פייפען,

אַז די שטערען אויבען אין הימעל האָבען זיך בעהאַלטען, און די בוימער אונטען אין וואַלד האָבען אויפגעהערט זיך צו שאָקלען. עס איז געווען עפּעס אַ געיאָמער, וואָס קומט נישט פון קיין מענשלעך מויל, נאָר פון אַ האַרץ, וואָס איז פּלוצלינג געפּלאַצט און עס איז אין צווייען צעבראָכען געוואָרען. און אַז ער האָט אויפגעהערט פּייפען, האָט ער גענומען דאָס פּייפעל און עס צעשמעטערט און די שטיקער אַוועקגעשליידערט, נאָכהער האָט ער זיך אויס געצויגען אויף זיין געלעגער וואָס אינ'ם ווינקעל פון'ם געצעלט און איז מעהר נישט אויפגעשטאַנען. דאַן האָט זיין לייב אָנגעהויבען ביסלעכווייז זיך שמעלצען ווי וואַקס, און זיין נשמה האָט אין איהם בלויז נאָך געצאַנקט, ווי אַ ליכט איידער עס פערלעשט — און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט איהם קומט-פאָר.

אָבער זיין מוטער האָט יאָ געוואוסט.

*

צו יענער צייט, אין פערציגסטען יאָהר זינט די אידען זענען אַרויס פון מצרים, און דאָס פאָלק האָט געלאַגערט אין דער מדבר, אויסגעשפּרייט איבער דעם גאַנצען סטעפּ, אַ טייל פון דער מחנה אין עיי העברים און אַ טייל אין צלמנוה און אין פּונון און אין אובות, און דער רעשט אין דיבון־גד און אין עלמון־דבלתים, אַ שטאַם דאָ און אַ שטאַם דאָרט, יעדער בעזונ־דער אין זיינע געצעלטען און אין זיינען ביידלעך — דאַן איז אַ מאַן גע־קומען, אין פינפטען חודש, אין דריטען טאָג פון דעם חודש צו מיטאָג-צייט, פון אובות קיין עיי העברים. זיין גאַרטעל האָט ער נישט פונאַנדערגעווי־קעלט און די בענדלעך פון זיינע שיך נישט אויפגעבונדען און די פּעסקע נישט אַראָבגענומען, ווייל ער האָט זיך זעהר געאיילט. און ער האָט דער־צעהלט האַסטיג און מיט גליהענדען אָטעם די אַלע וואנדער, וואָס זענען יעצט אין אובות געשעהען און וואָס ער אַליין האָט זיי מיט זיינע אויגען ערשט היינט אינדערפריה געזעהן: — אַ קופּערנע שלאַנג האָט משה אויפ־געפּלאַנצט אויף אַ הויכען בוים, צוגעבונדען צו אַ פאָהן, און מ'זעהט זי איבער דעם גאַנצען ישימון, און יעדער קראַנקער, וואָס קומט דאָרט אַהין

און הויבט אויף זיינע אויגען צו דער שלאַנג — טרעט פון איהם אָב די קראַנקהייט אין איין אויגענבליק און ער ווערט געהיילט...

אַ מאַן איז געשטאַנען און זיך צוגעהערט צו דעם וואנדער מיט אַנ־אָפּענעם מויל, פון וועלכען ס'איז גערונען דאָס שפּייעכץ, און ער האָט פערגעסען דאָס מויל צו פערמאַכען און איז אַזוי שטעהן געבליבען. און אַ פרוי, וועלכע האָט פאַר דער טיר פון איהר געצעלט געקאָכט אַ ביסעל מן אין אַ טאָפּ אויף אַ פייער־בעקען, וואָס איז געשטאַנען אויף צוויי דינע שטיק־לעך האָלץ, האָט, דאָס הערענדיג, זיך געוואַלדיג דערשראָקען און האַלטענדיג דעם טאָפּ האָט זי אַ ציטער געטהון, די ווייסע קערנער האָבען זיך פונאַנ־דערגעשאָטען אויף דער ערד, און זי איז אָבער שטעהן געבליבען מיט'ן היל־צערנעם לעפעל אין דער האַנד. און אויך אַן אַלטער מאַן פון הונדערט און דרייסיק יאָהר וואָס איז געזעסען אויף אַ שטיין און זיך געוואַרעמט, שרייענדיג אַ גאַנצען טאָג, אַז עס איז איהם קאַלט, האָט זיך אויפגעשטעלט מיט שוועריגקייט און זיך געלאָזען לויפען קיין אובות.

און אַ יונגער לוי, וואָס האָט אויפגעהאָרכט דאָס וואונדער, איז פּלוצ־לינג אַ נידערגעקניהט און אויסגעשפּרייט די הענד — און דאָס דערזעהענ־דיג, איז דאָס גאַנצע פאָלק געפאַלען אויף די פּנימער און אַנידערגעקניהט נאָך איהם.

אויך קטורה, דישונ'ס מוטער, האָט געהערט, ווי דער דורכגעהער האָט דערצעהלט די געשיכטע און זי האָט מיט אויפגעשפּיצטע אויערען דאָס אויפגעהאָרכט. אַ נייע האָפנונג האָט אין דער מינוט אויפגעמונטערט איהר הארץ...

און אין אובות געגענאיבער מואב איז געווען אַ גרויסע בעוועגונג. אויף די פעלזען־שפּיצען און אין די שפּאַלטען פון די פעלזען האָט געלאַ־גערט דאָס פאָלק משפחות־ווייז — און אויפ'ן שפּיץ באַרג אַנקעגען נבו האָט געפלאַטערט אַ פאָהן, איינגאַנצען פון פורפור געמאַכט און צוגעבונ־דען צו אַ שטאַנג, און אויף דער שלאַנג איז אויפגעפלאַנצט אַ קופּערנע שלאַנג, געמאַכט דורך אהליאב דעם זוהן פון אחיסמך פונ'ם שטאַם דן. אין דער געשטאַלט פון אַ פליהענדען וויפּער האָט זי דער קינסטער געמאַכט. איהר בויך איז צוויי איילען לאַנג און די רינגען פון איהר הויט זענען ראַ־

לענאַרטיג. בעדעקט מיט גלאַטע שופּען. און פון דעם בויך ציהט זיך דער האַלז, אַנ'אייל די לענג, אויפגעריכט ווי אַ מויער, מיט אַ רונדיגען קאָפּ, אין וועלכען עס זענען אויסגעטאַקט צוויי גרינע גלאַנציגע און בלישטשענדיגע אויגען, און דאָס מויל איז אָפען און עס הענגט אַרויס פון איהם אַ געשפּאָלטענע צונג. דאָס גאַנצע איז געווען אַ מייסטער־ווערק, אַן דאָס קופּער האָט געגלאַנצט אין דעם זונען־פלאַם פונדערווייטענס...

און דאָס פאָלק אונטען האָט אַרויפגעבליקט אין דער הויך, און אַ הייליגע פורכטזאַמקייט און גייסט פון גלויבען און פון ערהאַבענער וואונדערליכקייט האָט בעהערשט די גאַנצע מחנה. ס'מאָל האָט אַ הייליג פיבער זיי פלוצלינג אַרומגעכאַפּט און איז אַ דורך איבער זייערע לייבער — דאַן זענען זיי אַלע געפאַלען אויף די פנימער און אַנידערגעקניהט פאַר עהרפורכט.

און צופוסענס פונ'ם באַרג זענען אויפגעבויט געווען זיבען מזבחות אויף זיבען בימות, און די כהנים און לויים מיט זייערע שילער זענען געצויגען דורך די מחנה און גערופען אָהן אויפהער: „ווער עס איז קראַנק, זאָל ברענגען אַנ'אָפּפער אויפ'ן מזבח, וועט די קראַנקהייט פון איהם אָבטרעטען און ער וועט געהיילט און גענעזען ווערען! און דאָס פאָלק האָט געבראַכט די קראַנקע און שלאַקריהריגע און ליידענדע, פיהרענדיג מיט זיך רינדער און ווידערס און שאָף, און טראָגענדיג טויבען און טורקעלטויבען און זעמעלן מעהל מיט אייל, יעדער לויט זיין פערמעגען. צוערשט האָט דאָס פאָלק געבראַכט, לויט משה'ס בעפעהל, נאָר די קראַנקע, וואָס זענען פון שלאַנגען געביסען געוואָרען, און דאַן ערשט די איבריגע קראַנקע מיט אַלערליי שלאַפקייטען, וואָס זענען נאָר געווזען.

דאַן אין אַרויסגעקומען דער כהן פּינחס דער זוהן פון אלעזר, דער זוהן פון אהרן, און אַלע כהנים זענען אַרויס נאָך איהם. זיי זענען פאַרבייגעצויגען רייהענווייז, צו זיבען אין אַ שורה, און פּינחס איז געגאַנגען אָן דער שפּיץ פאַר די רייהען. ער האָט געטראָגען אַ פאַן מיט ווייהרויך און איז געווען אָנגעטהון אין אַ לאַנגען פּורפּור־מאַנטעל מיט אַנ'אפוד און אַ חושן, און אַ ווייסע הויב אויפ'ן קאָפּ און נאָך איהם האָט געצויגען די גאַנצע כהנים־פאַמיליע, צו זיבען אין אַ רייהע, אַ געוואַלדיג גרויסע מחנה, אַלע אין

ווייסע מאַנטלען, טראָגענדיג ברענענדע פאַקעלען אין קרוגען, און ביים זוים פון זייערע מאַנטלען זענען געווען מילגרוימענע גלעקלעך, און די פאַ־קעלען האָבן געפלאַקערט און די גלעקלעך האָבן געקלימפּערט, און אַזוי זענען זיי אַלע געגאַנגען ביז זיי האָבן זיך דער נעהנטערט צו די מזבחות און האָבן זיבענמאָל אַרומגערינגעלט די מזבחות מיט געזאַנג, און אַ וואָלקען רויך האָט זיך געצווייגען פון דער פאַן און האָט אַ מינוט לאַנג צוגעדעקט דאָס גאַנצע בילד — און ווען דער וואָלקען איז זיך צעפלאָסען, האָט מען געזעהען, ווי דאָס גאַנצע פאָלק, קניהט אויף דער ערד, און די קראַנקע און ליידענדע ליגען אויסגעצויגען, בליקענדיג אַרויף צו דער שלאַנג אין דער הויך, זייערע אויגען זענען פערגלאָצט און די ליפּען פליסטערען אין דער שטיל.

און קראַנקע קומען פון אַלע מחנות, וואו די בני ישראל זענען פער־שפּרייט איבער דער מדבר, זיי קומען פון נאָהנט און פון ווייט, און די, וואָס האָבן נישט קיין כח אַליין צו געהן, ברענגט מען צו פיהרען, טאָג־איין טאָג־אויס קומען מענשען און טאָג־איין טאָג-אויס ווערען מענשען אַהער־געבראַכט: פון עציון-גבר און פון מדבר־צין, פון דעם הור-ההר און פון צלמונה, פון פונון און פון עיי העברים, פון דיבון-גד און פון עלמון־דבל־תים און אויך פון בית-הישימות — פון שלאַנגען געביסענע און פון הינד געביסענע, שלאָקריההריגע און כראָניש קראַנקע, בלינדע און הינקענדיגע און טויבע — אַלע קומען זיי דאָ אַהער אָדער ווערען אַהער געבראַכט, און יעדער פון זיי דעמפּט ווייהרויך אויף איינעם פון די מזבחות אָדער דערלאַנגט זיין אָפּפער צו די כהנים, דאַן קניהען זיי און ציהען זיך אויס אויף דער ערד און הויבען אויף די אויגען צו דער קופערנער שלאַנג וואָס אין דער הויך, און אַזוי קוקען זיי, נישט אַראָבלאָזענדיג קיין בליק — און ווערען געזונד.

און אין פינפטען חודש, אינ׳ם זיבעטען טאָג פון דעם חודש, צו מי־טאָג־צייט, איז אויך קטורה די מוטער פון דישון, געקומען צו דער שלאַנג וואָס אין אובות און האָט מיטגעבראַכט איהר זוהן מיט זיך.

און אובות איז דאַן געלעגען פערחלש׳ט פון דער גליהענדער מיטאָג־זון, און דאָס זאַמד וואָס אונטען האָט זיך געבאַקען ווי ברויט אין אַנ׳אויי־ווען, עס האָט געברענט און געפלאַקערט און געגליהט, און מאָמענטענווייז

פלעגען א טייל זאמד-קערנער פלוצלינג אָנהויבען גלאַנצען ווי געלע פּערעל.
און דאָס פאָלק האָט זיך בעהאַלטען פאַר דער בראַנדיגער היץ אין די גע-
צעלטען און הינטער די געשטריכען און אין די פעלזען-שפּאַלטען. די צוויי
קוואַלען, וואָס נעבען דעם פעלז, זענען אויסגעטרוקענט געוואָרען און עס
האָט פון זיי געשלאָגען א ווייסע פּאַרע, וואָס איז זיך צעפלאָסען אין דער
לופט. א פוילער הונד איז געשטאַנען ביי איינעם פון די אויסגעטרוקענטע
קוואַלען און זיינע אייטערדיגע אויגען האָבען אונאויפהערליך געטרעהרט,
און די צונג איז איהם אַרויסגעהאַנגען פון מויל און ס'איז פון איהר געררו-
נען די סליונע. פלוצלינג האָט ער א ביל געטהון מיט א פירכטערליך קול
און פון די בערג האָט אָנגעהילכט א ווידערקול דריימאָל נאָכאַנאַנד, אז עס
האָט א גרויל אַרומגעכאַפּט. דאַן האָט דער הונד זיך א וואָרף געטהון אויף
דער ערד און זיך אויסגעקייקעלט אין זאמד דריי מאָל, נאָכהער האָט ער זיך
פלוצלינג געוואָרפען אויף א בוים און גענומען בייסען די קאָרע מיט א גיפטי-
גער וואוט. — און נאָך פונ'ם שפּיץ בארג וואָס אקעגען נבו האָט אַראָב-
געקוקט איבער'ן גאַנצען ישימון די קופּערנע שלאַנג, וואָס איז מיט א בלויער
באַנד געווען צוגעבונדען צו דער הויכער שטאַנג, און ער האָט מיט בלישט-
שענדיגע אויגען אַראָבגעבליקט אין די מוראדיגע שטילקייט אריין.

און די פרוי האָט געפיהרט איהר זוהן איהם אונטערגעלעהנט מיט
איהר האַנד, דען ער האָט אַליין נישט געקאָנט געהן, און זיין פּנים איז גע-
ווען ווייס ווי דאָס פּנים פון א מת. זי איז מיט איהם דערגאַנגען ביז צו
די בימות און האָט איהם אוועקגעלעגט אויף דער ערד.

און דער אויסגעמאַטערטער יונגערמאַן האָט אויפגעהויבען זיינע פער-
שמאַכטע אויגען צו דער שלאַנג אין דער הויך און צו איהר אַרויפגעקוקט,
און דער בליק איז איהם פערשטאַרט געוואָרען — פלוצלינג האָבען איהם
גענומען שטיקען טרעהרען און ער האָט זיך צעוויינט אויף א קול.

און זיינע מיעדע ליפּען האָבען זיך בעוועגט און געפליסטערט. שפּעט-
טער האָט ער אָנגעהויבען רעדען אויף א קול:

„דו הייליגע שלאַנג! נישט דאָס לעבען האָב איך געזוכט, נאָר א בי-
סעל ליעבע.

„אַנ'עלענדער יתום בין איך געווען און קיין גוטס האָב איך נישט גע-

נאָכדעם איך האָב קיין זאַך נישט געוואוסט אויסער מיין פייפעל, דורך וועל־כען מיין גאַנצע נשמה האָט גערעדט, און אויסער מיינע פיש אין וואַסער, וואָס זענען שטום און האָבען מיר גאָרנישט געענטפערט.

„דאַן האָב איך דאָס מיידעל דערזעהן — און איך האָב נישט געוואוסט, אַז איך האָב זי געזעהן.

„און עס איז מיר געוואָרען, ווי אַ שלאַנג וואָלט מיר פּלוצלינג אַ ביס געטהון — און דער גיפט האָט ביסלעכווייז אַריינגעדרונגען אין מיין בלוט און אין אַלע גלידער פון מיין לייב און אויך אין מיין נשמה.

„הייל־זשע מיך, שלאַנג, אויב דו קענסט. און אויב דו קענסט נישט — וועל איך שטאַרבען. און וואָלט איך שטאַרבענדיג בלויז געוואוסט, אַז מיין ליעבע וועט נישט שטאַרבען צוזאַמען מיט מיר.

„און נישט קיין מזבח וועל איך דיר בויען, שלאַנג, דען דאָס פּנים פון דעם מיידעל איז מיר אַ הייליגער מזבח געוואָרען און נישט קיין וויירויך וועל איך דעמפען, דען מיין גאַנץ בלוט און מיין גאַנצען מאַרך און אַלע זאַפטען פון מיין לייב האָב איך איהר שוין אויסגעדעמפט. הייל־זשע, מיך שלאַנג, אויב דו קענסט.

„און וואָלט איך בלויז געוואוסט, אַז ווען מיין לעבען וועט אויפהערען, וועט נישט צוזאַמען דערמיט אויך אויפהערען די ליעבע!"

דער יונגערמאַן איז שטיל געוואָרען. און ווען דער טאָג האָט זיך גע־נייגט, איידער די זון איז פערגאַנגען, איז דאָס פאָלק אַרוים פון זיין בעהעל־טעניש און עס זענען געקומען די כהנים, און אויך פינחס דער כהן איז גע־קומען און האָט געטראָגען די פאַן און געדעמפט דעם וויירויך — און די קראַנקע און די שמאַכטענדע און די שלאַקריהריגע האָבען געהויערט דער אויף דער מיט אויפגעהויבענע אויגען צו דער שלאַנג.

און אויך דישון איז געלעגען אַ גאַנצע נאַכט מיט אויפגעהויבענע אוי־גען.

און אינדערפריה, ווען די זון איז אויפגעגאַנגען איבער די בערג, האָ־

בען זיינע ברייט צעעפענטע אויגען ארויסגעשטארצט פון די לעכער, קו־
קענדיג אקעגען דער אויפגעהענדער זון. — מ׳האט דערזעהען, אז דער יונ־
גערמאן איז טויט.

און די פרוי האט אויך געבליקט צו דער שלאנג, לאנג האט זי אויף
איהר געקוקט — און דאן האט זי גענומען איהר טויטען און איהם בעגראָ־
בען אינ׳ם טהאל אקעגען נבו.

# דער סורר ומורה

דאָס איז געווען אין צווייטען יאָהר זינט דעם, ווי די יודען זענען ארויס פון מצרים, אין צווייטען חודש, אין ערשטען טאָג פון דעם חודש. דאָס פאָלק האָט דעמאָלס געלאַגערט אין רמון־פרץ. אין יענעם טאָג, פון גאַנץ פריה אָן, זענען די שוטרים ארומגעגאַנגען צווישען דער מחנה, יעדער מיט זיין שפּיז אויפ'ן אַקסעל, און נעבען איהם איינער פון די כהנים־שילער. זיי זענען געגאַנגען פון איין עק מחנה ביז צום אנדערען עק מחנה, פון איין וואוינפּלאַץ צום אנדערען וואוינפּלאַץ, אָדער זיי זענען אויפגעשטיגען אויף די שפּיצען פון די פעלזען און פון די הויכע בערג און האָבען זיך דאָרט אוועקגעשטעלט און מיט א הויכער שטים אויסגערופען צום פאָלק אַזוי צו זאָגען: „יעדער מאַן פון ישראל, פון צוואַנציג יאָהר אָן און העכער, זאָל היינט ארויסגעהן צו דער מצפּה, ווייל דאָרט וועלען אַלע געצעהלט ווערען לויט די קעפּ, און יעדער מאַן, וואָס האָט שוין צוואַנציג יאָהר געענדיגט, וועט פערשריבען ווערען אינ'ם מוסטערונגס-בוך אַלס פעהיג צו קריעגס-דיענסט". און ווען דער שוטר האָט אויפגעהערט צו רעדען, האָט דער כהן ערגענצט זיינע רייד. ער האָט הייליג אויסגעשפּריים די הענד און פערגלאָצט מיט די אויגען און צוגעגעבען: און „ווער עס האָט זיך אויפגעשטעלט א געצעהלט און האָט עס נאָך נישט בענייט, זאָל נישט ארויסגעהן, דען פריי איז ער צו זיין געצעלט, און ווער עס האָט פערזייהט א שטיקעל ערד און האָט עס נאָך נישט געשניטען, זאָל נישט ארויסגעהן, דען פריי איז ער צו זיין ערשטער פרוכט, און ווער עס האָט פערלאָבט א פרוי און האָט זי נאָך נישט גענומען, זאָל נישט ארויסגעהן, דען פריי איז ער צו דעם מיידעל איין יאָהר לאַנג, אמן אמן!" דאַן איז דאָס גאַנצע פאָלק פון אַלע עקען גע־צויגען צו דער מצפּה, אַלע יונגע מענער אין ישראל, קיין איינער האָט נישט געפעהלט. און די צאָהל פון אַלע געמוסטערטע אין יענעם טאָג איז געווען זעקסהונדערט טויזענד און דרייטויזענד און פינפהונדערט פופציג.

נאָר איין יונגער בחור איז געווען אין דער מחנה, וועלכער האָט זיך אנטקעגנגעשטעלט די שוטרים און זיך איינגעשפּאַרט, נישט צו לאָזען פער־שרייבען זיין נאָמען צווישען די קריעגס־פעהיגע. א גאַנצען טאָג איז ער ארומגעגאַנגען איבער דער מחנה פון איין וואוינפּלאַץ צום אַנדערען וואוינ־פּלאַץ, און האָט געהעצט געגען די פיהרער פונ׳ם פאָלק, געגען משה און אהרן און האָט אָבגערעדט דאָס פאָלק פון דעם קריעגס־דיענסט, אַז זיי זאָלען זיך נישט מאָביליזירען און נישט געהן דיענען: „וואָס וועט אונז ארויסקו־מען דערפון, ווען מיר וועלען דיענען משה און אהרן? ווער איז דען דער דאָזיגער משה, וואָס האָט זיך פּלוצלינג געשטעלט איבער אונז און זיך בע־שטימט פאַר אונזער בעפעהלער, און ווער איז דאָס א זעלכער זיין ברודער אהרן, וואָס ער האָט איהם איבערנאַכט געמאַכט פאַר אונזער כהן? וואָס טויג אונז חייל, צו וואָס גאָר זאָלען מיר קריעג פיהרען? פאַרוואָס־זשע זאָל דאָס א מענש אויפשטעהן געגען א צווייטען מענש ווי ער און איהם ער־מאָרדען און זיין בלוט פערגיסען אומזיסט און אומנישט? מיר וועלען נישט געהן!"

ווען מ׳האָט נאָכגעפאָרשט אום צו דערגעהן, ווער עס איז דער דאָזי־גער יונגערמאַן און וועמענס זוהן ער איז, האָט זיך ארויסגעוויזען, אַז ער איז קהת דער זוהן פון פּגעיאל, און זיין פאָטער איז א נשיא אין ישראל, איינער פון די פאַרנעהמסטע אין דער געמיינדע, און זיין מוטער איז פון די חיתים און הייסט דבורית. ווער ס׳האָט דאָס געהערט, האָט געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און געזאָגט: אַלזאָ דאָס איז ער טאַקי! קהת איז עס, קהת דער זוהן פון פּגעיאל, דער בעקאַנטער קהת...

צו יענער צייט איז די מדבר נאָך געווען מעכטיג און פירכטערליך זי־בענמאָל מעהר ווי איצט, די בערג זענען געווען האַרט און פעסט זיבענאונ־זיבעציג מאָל מעהר ווי איצט, און דער מענש איז געווען פרעך און רויה און ווידערשפּעניג און רעוואָלטירענד און האָט געהאַסט יעדען יאָך זיבענ־הונדערט־און־זיבען מאָהל מעהר ווי איצט

דאָס, וואָס מען האָט דערצעהלט וועגען דעם בחור, איז געווען וואונ־דערליך און אויסטערליש און טיילמאָל אויך גרוילהאַפט: א ווילדער יונג איז ער און פערלעצט אַלע זיטען און געזעצען אין א מינוט, ווען עס קומט

איהם אָן זיין פרעכער ווילקיר — און דאָך איז אינ׳ם גאַנצען געמאַרק ניש-
טאָ נאָך איינער, וואָס איז ווי ער גוטהערציג און ערדעלמוטיג און פול מיט
רחמנות און מיטגעפיהל צו יעדען ליידענדען און הונגעריגען. פאַר קיין כהן
שטעהט ער נישט אויף און קיין נביא שוינט ער נישט און א נשיא איז איהם
אונווירדיג, און דערזעהט ער א הייליגען, זאָגט ער, אז דאָס איז א שווינד-
לער, וואָס ווייזט זיך אלס א הייליגער אום צו קאָנען אויסזויגען דעם מאַרך
פונ׳ם אָרימאַן — אָבער שוין אלס זיבעניעהריג קינד, ווען ער האָט איינ-
מאָל בעמערקט אין דרויסען צו אָווענד־צייט א יונגעל, וואָס איז געגאַנגען
נאַקעט, האָט ער זיך נישט געקאָנט בעהערשען און האָט גיך אויסגעטהון
זיין מאַנטעל און אוועקגעגעבען יענעם יונגעל, און דערנאָך איז ער האַס-
טיג אַנטלאָפען און איהם נישט נאָכגעקוקט, ווייל ער האָט זיך געשעהמט
פאַר זיין טהאַט. גרוימאָם איז ער געווען און האַרטער פון א פעלז, ווען ער
פלעגט שטורעמען געגען יעדען הערשער איבער׳ן פאָלק און געגען יעדען
נשיא און בעפעהלער — אָבער אז ער איז איינמאָל געשטאַנען ביי דער זייט
פונ׳ם משכן, ווען א פרוי האָט געבראַכט דעם כהן צוויי יונגע טייבעלעך
אלס קרבן, און דער כהן האָט אָבגעקנייפט דעם קאָפּ פון איין טייבעלע און
געשפּאָלטען די פליגעלעך און דאָס טייבעלע האָט ביטער געפּישטשעט, —
זענען ביי איהם די אויגען פערלאָפען מיט טרעהרען. און טיילמאָל ווען ער
איז געשטאַנען אין משכן-הויף, און עמיץ האָט געבראַכט א שפּייז-אָפּפער
פון אויווען־געבעקס, זעמעל־מעהל צי חלות און מצה־קוכענס, האָט ער האַס-
טיג זיך צוגערוקט פון הינטער דעם קאָרב, וואָס דער מאַן האָט געהאַלטען
אין דער האַנד, און האָט אַרויסגעגנב׳עט דאָס זעמעל-מעהל מיט די מצות
און איז שנעל אַנטלאָפען מיט זיין רויב און האָט עס אָבגעגעבען דעם ער-
שטען בעסטען אָרימאַן, וואָס ער האָט בעגעגענט אויף׳ן וועג. אָבער הערענ-
דיג, אז עס זענען פאַרהאַן פעראָרדנונגען און פאַרשריפטען, א תורה און א
געזעץ, געבאָטען און בעפעהלען, וואָס א מענש מעג טהון און וואָס ער טאָר
נישט, האָט ער געקריצט מיט די צייהן פון כעס און האָט געשוואוירען און
געזאָגט: נאָר הערשזוכטיגע מענשען האָבען דאָס אלץ צוגעטראַכט אום צו
קוועהלען דעם מענשען אויף יעדען טריט און אוועקרויבען ביי איהם זיין

פרייהייט, וואָס איז איהם געגעבען געוואָרען, ווען ער איז בעשאַפען געוואָרען.

מען האָט אויך שוידערהאַפטע זאַכען פון איהם דערצעהלט: זיין פאָטער האָט ער נישט געעהרט און זיין מוטער האָט ער נישט געליעבט, און האָט איהם דער פאָטער ווען פאָרגעהאַלטען זיין אויפפיהרונג, ווי אַ טאַטע מוסר'ט אַ זוהן, פלעגט ער איהם פאַר אַלע קנעכט און דיענסטען אָבענטפערען: — ווער האָט דיך דען געבעטען, אַז דו זאָלסט דיר דיין לוסט נאָכגעבען און ברענגען אַ מענשליך נפש אויף די וועלט צו אַ וויסט און הויל לעבען אָהן אַ צוועק און אָהן אַ ציעל; צי פאַר דעם געניוס, וואָס דו האָסט געהאַט, בעשאַפענדיג מיך צו אַ נישטיג און זינלאָז לעבען, זאָל איך דיר דאַנקבאַר זיין און דיך עהרען?" שפּעטער האָט קהת אָנגעהויבען אין געהיים גנב'ענען פון דעם פאָטערס אוצרות, נעהמענדיג וואָס עס איז איהם נאָר אונטער די הענד געקומען, און אויך דער מוטערס שאַצקאַמער האָט ער אויסגעלעדיגט, צונעהמענדיג פון קליידער און פון ציהרונג, און האָט דעם גאַנצען רייכען שלל אַוועקגעגעבען צו הונגעריגע און נויטבעדערפטיגע. און האָט מען איהם געמוסרט. פאַרוואָס ער גנב'עט און שטרעקט אויס זיין האַנד אויף פרעמד האָב און פרעמד אייגענטום, האָבען זיך איהם די אויגען פערגלייזט פון צאָרן און ער האָט אויסגעשריען: נישטאָ קיין האָב און נישטאָ קיין אייגענטום, נישטאָ קיין בעזיצער פון פערמעגען און נישטאָ קיין העדר פון אייגענטום! אַלצדינג, וואָס איז פאַרהאַן אויף דער וועלט, געהערט צו אַלע איינוואוינער פון דער ערד און יעדער מענש קאָן זיין האַנד אויסשטרעקען און עס נעהמען! נאַקעט איז דער מענש געבוירען און נאַקעט וועט ער זיך צו דער ערד אומקעהרען! — און איינמאָל, ווען זיין פאָטער, דער נשיא, האָט איהם געשטראָפט, האָט ער זיך נישט געקאָנט בעהערשען און האָט איהם געשאָלטען, און געגען דער מוטער האָט ער זיין האַנד אויפגעהויבען...

דאַן האָט זיך זיין שטימונג געענדערט און ער האָט פלוצלינג אויפגעהערט אַרומגעהן איינגעבויגען און פערפינסטערט גאַנצע טעג, זעהענדיג שטענדיג נאָר דאָס שלעכטע און בעקלאָגענדיג זיך אויף יעדען אונרעכט,

און ער איז פון איצט אָן געווען נאָר פרעהליך. נאָר עסען און טרינקען, ברידער, נאָר עסען און טרינקען און געניסען פון יעדען אויגענבליק! מאָרגען וועלען מיר שטאַרבען, לאָמיר־זשע היינט געניסען! סיי־ווי איז נישטאָ קיין צוועק און קיין ציעל און קיין צוקונפט, און דערפאַר איז נישטאָ פאַר דעם מענש עפּעס בעסערס, ווי עסען און טרינקען און זיך לאָזען וואויל־געהן, און פרעסענדיג און זויפענדיג פערגעסען דאָס פירכטערליכע עלענד, וואָס הייסט לעבען. און ער פלעגט צונעהמען דעם פאָטרס וויין און מאָסט, שאָף און רינדער, און עס האָט זיך אַרום איהם צונויפגעקליבען אַ געזעמעל פון לעדיגגעהער און פלאַטער־קעפּ און זיי האָבען מיט איהם צוזאַמען געגעסען און געטרונקען און נאָר געהוליעט. דאָס מיידעל, וואָס דער פאָטער האָט איהם אויסגעוועהלט פאַר אַ ווייב, האָט ער פערשטויסען און אוועק־געוואָרפען דערפאַר נאָר, וואָס זי איז אַ טאָכטער פון עדעל־לייט און קליידט זיך אין זיידענס און אין שמוק, און ער פלעגט זיך נאָכיאָגען נאָך אָרימע אויסגעלאַסענע מיידלעך, גוטהאַרציגע מיט אַ צאַרט געמיט, וואָס זייער לייב איז אונריין, אָבער זייער נשמה איז ריין, און ער האָט מיט זיי אַרומגעוויל־דעוועט טאָג און נאַכט, און איז געוואָרען אַ גרויל פאַר דער גאַנצער מחנה.

ווי דער שטורעמדיגער צפון־ווינד אין דעם גרויסען סטעפּ, וואָס ווייס קיין גרעניץ נישט און קען נישט קיין אָבהאַלט, אַזוי איז געווען דער יונגערמאַן. און אָפטמאָל איז ער געווען ווי די גליהענדע לאַווע, וואָס דער סיני שפּייט אויס צייטענווייז פון זיין קעהל אַרויס.

ביי טאָג ,ווען ער איז צווישען דעם פאָלק געווען, פלעגט ער מאָהנען רעכט פון יעדען צווינגער און בעדריקער און זיין האַרץ איז געווען האַרטער פון אַ פעלז און זיין וואָרט דרייסט און גרויזאַם, אָהן רחמנות און אָהן איינזעהן. פרעך און העפטיג פלעגט ער רעדען, און מיט געוואַלד פלעגט ער צונעהמען וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און עס אוועקגעבען צו די, וואָס פערמאָגען גאָרנישט. און אין אָווענד, אויפ׳ן פעלד אין דעם גרויסען סטעפּ, פלעגט זיך פערקלויבען צו איהם אַ איינזאַמלונג פון אונצופרידענע, יעדער קנעכט, וואָס זיפצט אונטער דער בייטש פון זיין הערר, און יעדע דיענסט, וואָס ווערט געפּייניגט פון איהר בעל־הבית׳טע, און ער פלעגט צו זיי רעדען טרייסט־ווערטער, וועלכע זענען געווען ווי דער באַלזאַם פון גלעד. קיין נביא

האָט נישט גערעדט בעסער פון איהם און קיין הארץ האָט נישט געפיהלט יענעמס שמערץ מעהר פון איהם, און זיינע צוהערער, וואָס זענען געשטאַנען ארום איהם, האָבען דורשטיג געשלונגען יעדעס וואָרט פון זיין מויל. ביינאַכט אָבער, ווען ער איז איינער אַליין געבליבען, פלעגען איהם בעפאַלען טרוימען און זעהונגען, וואָס קומען פאַר נאָר א נביא און א דיכטער, און טרעהרען פלעגען איהם פון די אויגען פליסען. געזעהען האָבען דאָס בלויז די שטערען אין הימעל.

ווי דער שטורעמדיגער צפון־ווינד אין דעם גרויסען סטעפּ איז ער געוועזען, אָבער זיין הארץ איז געווען ווי די זון, איבערפולט מיט ווארימקייט, צאַרטקייט און זאַנפטיגקייט.

און דאָס מענשען־געזעמעל, וואָס האָט זיך אַרום איהם פערזאַמעלט, איז ביסלעכווייז געוואָרען צו א באַנדע פערשווערער און שטורמער.

די ערד איז געווען טרויעריג, דער הימעל צעפלאָסען און די וועגען וויסט. פון די געצעלטען, וואָס זענען צעשפּרייט געווען איבער דעם סטעפּ, און פון די פעלזען־שפּאַלטען און לעכער האָבען זיך געקליבען אונצעהליגע מאַסען, א געוואַלדיגע מחנה מענשען, אָבגעריסענע און אין שמאַטעס געהילטע, מיט פינסטערע פּנימער און צאָרניגע בליקען, די מענער מיט די ווייבער און זייערע באָרוועסע קינדער; און זיי האָבען זיך אַלע פערזאַמעלט פאַר'ן טויער פונ'ם אהל מועד געגען משה און אהרן און דער גאַנצער כהנים־פאַמיליע און געגען די נשיאים פון דער געמיינדע און די פירשטען פון דער מחנה, וואָס פערמאָגען פיעל רינדער און פיה און זענען שטענדיג זאַט, און זיי האָבען געמורמעלט און געשטורעמט און גערעדט שרעקליכע זאַכען, אַז עס איז שוין מיאוס געוואָרען דעם פאָלק דאָס דאָזיגע וויסטע מדבר־לעבען און דאָס אונגאויפהערליכע וואַנדערען. וואָס האָבען זיי דען פון דעם עמוד־הענן און וואָס גיט זיי דער עמוד־האש? דאָס פייער קענען זיי נישט עסען און דעם וואָלקען קענען זיי נישט טרינקען. קיין פיש איז נישטאָ און אויך נישט קיין פלייש און אפילו נישט דאָס אָרימע געמיזע־מאָהלצייט, דער קנאָבעל און די ציבעלעס, וואָס זיי האָבען געהאַט אין מצרים. נישט אין א לאַנד, וואָס פליסט מיט מילך און האָניג האָט מען זיי געבראַכט, ווי מ'האָט זיי פריהער געהאַט צוגעזאָגט, נאָר אין א וויסטע און גרוילהאַפטע מדבר, וואו

זיי וועלען איינציגווייז אויסשטאַרבען. נישט קיין פעלדער און נישט קיין וויינגערטנער האָט מען זיי געגעבען, ווי מ'האָט זיי צוגעשוואוירען, איידער זיי האָבען זיך אין וועג אריין געלאָזט — דאָס איז געווען בלויז א הויל גע-רייד. און איז נאָך דאָס אַלץ ווייניג געווען, האָבען די מענשען, וואָס זענען פּלוצלינג געוואָרען הערשער איבער זיי, אָנגעהויבען צו בעפעהלען און זיך שאַפען מיט זיי און רעגירען מיט א שטרענגער האַנד. און איז נאָך אויך דאָס נישט גענוג געווען — האָבען זיי זיך געשאַפען א כהנים-געזעמעל, א מחנה פוילענצער, וואָס טהוען גאָרנישט גאַנצע טעג, נאָר פרעסען דאָס לייב אַראָב פון דעם פאָלק און רייסען איהם אַרויס דעם ביסען פון מויל, און דאָס אומ-גליקליכע פאָלק מוז זיי אויסהאַלטען און זיי צאָהלען אַלע ווילע שטייערען און א צעהנטעל-אָבגאָב, און נישט בלויז א צעהנטעל, נאָר ניין-און-ניינציג חלקים פון אַלץ, וואָס עס פערמאָגט...

אויף דער בימה, וואָס ביי דער שוועל פון'ם אוהל-מועד, איז געשטאַ-נען דער געטליכער מאַן. זיין פּנים איז זעהר בלייך געוואָרען דען ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אַזעלכע שווערע פאָרוואורפען און נאָך קיינמאָל איז דאָס פאָלק נישט געווען אַזוי ווידערשפּעניג צו איהם און איהם נישט געזאָגט אַזוי דייטליך, אַז ער בעדריקט דאָס פאָלק. שטיל, אַז מ'האָט כמעט זיין שטים נישט געהערט, האָט ער זיך אָבגערופען:

— „קיין איינציג אייזעל האָב איך פון זיי נישט גענומען"...

— „נישט איינס, נאָר פיעלע!" — האָט זיך פּלוצלינג געהערט א פרעכע שטים פון דער פערזאַמעלטער מאַסע. ווען מ'האָט א בליק געגעבען צום אָרט, פון וואַנען די שטים איז געקומען, האָט מען דערזעהען, אַז דאָס איז קחת דער זוהן פון פּגעיאל.

דער געטליכער מאַן האָט מעהר קיין וואָרט נישט געענטפערט און איז פּלוצלינג ענטשוויגען געוואָרען — און איז אַנידערגעפאַלען אויפ'ן פּנים.

אַנשטאָט איהם איז אַרויף אויף די בימה דער כהן גדול און ער אָט אויך געזעדעט אינ'ם זעלבען זין און האָט ווייטער געפרעגט:

— „וועמענס, אָקס האָב איך צוגענומען?"

— „דעם אָקס פון זבד דעם זוהן פון ירחע און דעם אָקס פון רגם דעם זוהן פון מררי און דעם אָקס פון אביסף דעם זוהן פון מחלי און דעם אָקס..."

און אויך דאַסמאָל, ווען מ'האָט אַ קוק געטהון דאָרט אהין, פון וואַנען די ווערטער זענען געקומען, האָט מען געזעהען, אַז דאָס האָט גערעדט קהת דער זוהן פון פּגעיאל.

דער כהן גדול האָט זיך דאָס אָבער צום האַרץ נישט גענומען און זיך נישט אויפגערעגט און האָט ווייטער גערעדט רוהיג, ווי איינער וואָס קאָן די ווערטער שוין אויף אויסגעוועניג און זיי גליטשען זיך געלויפיג ביי איהם פון דער צונג אַראָב. ער האָט געזאָגט:

— „... און וועמענס אייזעל האָב איך גענומען און וועמען האָב איך בעדריקט אָדער אונרעכט געטהון, און פון וועמענס האַנד האָב איך אויס־לייז־געלד גענומען?”

— „און ווער האָט צוגענומען דאָס אייזעל פון אלישוב דעם זוהן פון מלכיה, און ווער האָט אונרעכט געטהון דער אלמנה פון מואָב, עיפה דער טאָכטער פון חטוש? און ווער האָט גענומען אויסלייז־געלד פון דעם אָרמ'ישען קנעכט, זיף דעם זוהן פון גזז? — מיר קענען דיך! מיר קענען דיך! און אויף דעם ווערט פון אַזעלכע ווערטער קענען מיר גוט!”

און ווידעראַמאָל האָט מען זיך אומגעקוקט און דערזעהען, אַז דאָס רעדט קהת דער זוהן פון פּגעיאל.

און עטליכע שוטרים זענען פּלוצלינג דורכמאַרשירט צווישען דער מחנה און האָבען עטליכע מאָל אַרומגעקרייזט דעם רעדנער און זיך גוט צוגעקוקט צו זיין פּנים אום איהם צו דערקענען תמיד — און זיי האָבען די זאַך בע־האַלטען אין זייער זינען.

אָבער קהת דער זוהן פון פּגעיאל איז אין דעם מאָמענט צוגעגאַנגען ביז צו דער שוועל פונ'ם אהל מועד און זיך געשטעלט פאַר'ן פאָלק און נע־בען איהם איז געשטאַנען אַנ'אָרימע פרוי, איינגעהילט אין אַ גראָבען זאַק און מיט באָרוועסע פיס. דער יונגערמאַן האָט דאַן גענומען רעדען און זיי־נע ווערטער זענען געווען, ווי שאַרפע שפּיזען:

— זעהט נאָר, אָט איז די אלמנה! איך וועל אייך נישט דערצעהלען איהר שרעקליך עלענד — איהר איינגעדאַרט פּנים וועט דאָס אייך דערצעה־לען! איך וועל אייך נישט זאָגען, ווי ווייט זי האָט געהונגערט — איהרע איינגעטריקענטע ביינער וועלען עס אייך זאָגען! אָבער איין קליינינקייט

לאָזט מיר אייך דערצעהלען: נאָר איין קליינע מוטער־שאָף האָט איהר דער מאַן איבערגעלאָזען, ווען ער איז געשטאָרבען, און אַז זי האָט גענומען שערען די וואָל פון דעם שעפּס, איז געקומען דער כהן, וואָס וואוינט אין דער נאָהנט פון איהר געצעלט, און צוגענומען די וואָל פאַר זיך און געזאָגט: דאָס געהערט צו מיר, און ווען די פרוי האָט געשריען וועגען דער גזלה, האָט ער געענטפערט: עס איז אַ געזעץ, אַזוי האָט אונז בעפויהלען משה: „די ערשטלינגע פון דער שאָף־שעהרונג זאָלסטו איהם געבען". די אָרימע האָט זיך געטרייסט: די שאָף טראָגט דאָך אין זיך אַ צואוואוקס און אַז ס'וועט קומען די צייט, וועט זי געבעהרען אַ יונגע לאַם. ווען ס'איז אָבער געקומען די צייט און די שאָף האָט געבוירען אַ לאַם, איז געקומען צוגעהן דער כהן און האָט עס צוגענומען, זאָגענדיג: דאָס געהערט צו מיר. און ווען די פרוי האָט געשריען וועגען דער דאָזיגער נייער געוואַלד־טהאַט, האָט ער געענט-פערט: ס'איז אַ געזעץ אַזאַ, וואָס משה האָט אונז פאָרגעשריבען: „יעדער ערשטלינג, וואָס וועט געבוירען ווערען מענליך אין דיינע רינדער און אין דיינע שאָף, זאָלסטו הייליגען צו גאָט". דאַן האָט די דערשלאָגענע פרוי גע-זעהן, אַז עס איז קיין עצה נישטאָ, און זי האָט גענומען און געקוילעט די שאָף, אָבער אויך דאָס האָט איהר נישט געהאָלפען, דען דער כהן איז גיך געקומען און צוגענומען דעם אָרעם, די קינבאַקען מיט דעם מאָגען און יעדעס פעטע שטיק און האָט דערביי געגלאָצט מיט די אויגען צום הי־מעל און אויפגעהויבען אין הייליגקייט די הענד, זאָגענדיג: ס'איז אַ געזעץ, וואָס עס האָט בעפויהלען אונזער הערר משה דער געטליכער מאַן, אַזוי צו זאָגען: „און ער זאָל געבען דעם כהן דעם אָרעם און די קינבאַנען און דעם מאָגען". די אַלמנה איז געשטאַנען און איהר גאַנצער קערפּער האָט געציטערט זי איז דאַן אויפגעשפּרונגען און געשוואוירען: זאָל דאָס פלייש פון דער דאָזיגער שאָף זיין אַ חרם פאַר אַלע די, וואָס וועלען עס עסען, אַ חרם פאַר מיר און פאַר יעדען, וואָס וועט זיך דערצו צוריהרען. אָבער דער־מיט האָט זי נאָך ערגער געמאַכט, דען דער כהן האָט אין איין אויגענבליק צוגענומען דאָס גאַנצע פלייש, זאָגענדיג: ס'איז אַ געזעץ, אַזוי האָט משה געבאָטען: „יעדער חרם אין ישראל געהערט צו דיר — צום כהן!"

א טומעל און א גערודער איז דורכגעגאנגען אין דער מחנה פון איין עק ביז צום אנדערען.

אין דעם אויגענבליק האָט דער כהן גדול, וואָס איז געשטאַנען הינטער דער בימה ביי דער שוועל פון׳ם אוהל מועד, געגעבען א צייכען צו די נשי־אים, און די נשיאים צו די זקנים, און די זקנים צו די שופטים, און די שופטים צו די שוטרים, און די שוטרים האָבען פלוצלינג גענומען דורכ-מאַרשירען צווישען דער מחנה.

און אין דעמזעלבען טאָג פאַרנאַכט זענען זיך צונויפגעקומען די כהנים און די נביאים און די זקנים און די שופטים און די שוטרים, אַלע צוזאַמען, און אויך דעם פאָטער פון דעם יונגענמאַן, דעם נשיא פגעיאל דעם זוהן פון עכרן, האָבען זיי גערופען, און זיי האָבען זיך בעראַטען א צייט לאַנג ביז האַלבע נאַכט.

וואָס זיי האָבען בעשלאָסען האָט קיינער נישט געוואוסט. נאָר די פּיס פון פגעיאל דעם נשיא האָבען געציטערט, ווען ער איז אַרויסגעגאַנגען, און זיין פּנים איז געווען איינגעפאַלען. אָבער אין א ווײַלע אַרום, ווען ער איז נאָך אויף דער שוועל געשטאַנען, האָט ער זיך געשטאַרקט און שטיל גע־זאָגט, ווי צו זיך אַליין: „עס איז מיין פליכט אַקעגען מיין פאָלק און איך וועל עס טהון. עס איז די צייט צו טהון פון גאָטס וועגען און וואָס בעדייט פאָטערליכע רחמנות, ווען א מענש דאַרף טהון פאַר זיין פאָלק און פאַר זיין גאָט!״

*

דער עמוד־הענן איז געצויגען פאַר׳ן פאָלק ביי טאָג און דער עמוד האש ביינאַכט. די זון איז אויפגעגאַנגען און די זון איז אונטערגעגאַנגען. דאָס פאָלק איז מיעד געוואָרען פון בעקלאָגען זיך און איז ענטשוויגען. אַלץ איז ווי־דער געוואָרען ווי פריהער. צייטענווייז האָט נאָך דאָס פאָלק געקרעכצט פון דער שווערער לאַסט, וואָס איז אויף איהם אַרויפגעלעגט געוואָרען און דאַן אויפגעהערט, ביסלעכווייז האָט ער פערגעסען זיין פערדרוס און זיינע טענות און עס האָט זיך ענדליך איבערצייגט, אַז ס׳איז גוט פאַר דעם מענשען צו

טראָגען אַ יאָך. ווי אַ פייער־לאַווע איז געלעגען די ברענענדיגע היץ איבער דעם געלעגן זאַמד וואָס אין דער מדבר, און די פעלזען־שפּיצען האָבען מי־נוטענווייז געוויכערט פון דער שווערער גלות. דער הימעל איז געווען ווי בליי און דאָס זאַמד האָט פערענדערט זיין פאַרב און געוואָרען דונקעל־פיאָ־לעט.

דאָס קליינע הייפעל פערשווערער האָט זיך אונטערגעגעבען — און נאָר איינער איז נאָך געבליבען, וואָס פאַר איהם האָט מען מורא געהאַט, אַז ער וועט פון ציט צו צייט אויפהעצען דאָס אונוויסענדע פאָלק.

און פלוצלינג איז די גאַנצע מחנה אויפגערודערט געוואָרען פון אַ נייעס, וואָס איז נאָך ביז דאַן קיינמאָל נישט פאָרגעקומען.

עס איז געקומען אין אַ שעהנעם פריהמאָרגען דער נשיא פגעיאל דער זוהן פון עכרן, ער און זיין ווייב דבורית פון די חתים מיט איהם, און זי זענען צוגעגאַנגען ביז פאַר די זקנים וואָס ביים טויער פונ׳ם וואוין־פלאַץ, און זייער זוהן קהת האָבען זיי געבראַכט צו פיהרען מיט זיך. אָבער קהת איז געווען געבונדען מיט שטריק, און די שומרים און אויך פיעל פון דעם פעבעל זענען זיי נאָכגעגאַנגען.

דער נשיא פגעיאל האָט געשוויגען און קיין וואָרט נישט גערעדט, און בלויז זיין פרוי דבורית פון די חתים האָט זיך אָבגערופען, זאָגענדיג:

„דער דאָזיגער זוהן אונזערער, קהת דער זוהן פון פגעיאל און פון מיר, איז אַנגאַבקעהרער און אַ ווידערשפעניגער. פערפלוכט זאָל זיין די נאַכט, ווען אַ מאַן האָט מיר די שוואַנגערשאַפט געגעבען און פערשאָלטען זאָל זיין דער טאָג, ווען איך האָב איהם געבוירען! וועה צו מיר, ווען איך זאָל דערצעה־לען, און וועה צו מיר, ווען איך זאָל פערשוויינען! אָבער זייט וויסען: אונ־זער זוהן פאָלגט אונז נישט, עהערנעכטען האָט ער זיין האַנד געהויבען גע־גען זיין מוטער זי צו שלאָגען און נעכטען האָט ער געפלוכט דעם פאָטער. ער איז אַ פרעסער און אַ זויפער, ער שלעפּט זיך אַרום מיט די אָבשפּעטער און פערברענגט מיט אויסגעלאַסענע מוידען. מיר האָבען איהם געשטראָפט, אָבער ער האָט קיין בעלעהרונג נישט אָנגענומען. און אָט זענען מיר איצט געקומען. מיר האָבען איהם געכאַפּט און געבראַכט צו אייך״.

פגעיאל׳ס פּנים איז עטוואָס בלייך געווען, ווען זיין פרוי האָט ארויסגע־

זאָגט די ווערטער און זיינע אויגען האָבען צו דער ערד געבליקט. אָבער די פרוי האָט געערדט און אין איהרע אויגען האָט געברענט אַ ווילדע גרויזאַמע ליידענשאַפט און דאָס שפּייעכץ האָט געשפּריצט פון איהר מויל, און ווער עס האָט זי געזעהן האָט פּלוצלינג זיך דערמאָהנט אָן די חתישע פרויען, וואָס עסען דאָס פלייש פון זייערע זויגלינגע און בעלעקען זיך פון גרוים געננוס.

פון דעם מאָרגען־אָפּפער ביז די כהנים האָבען זיך פערזאַמעלט צו די שלאַכט־אָפּפער, אַכט שטופען אויפ'ן זונען-זייגער, האָבען די ריכטער זיך צוזאַמען בעראַטען און דאַן זענען זיי אַרויסגעקומען און אויסגערופען :

— „אַט איז דער אורטייל פון גאָט: יעדער אָבקעהרענדער און ווידער־שפּעניגער זוהן, וואָס פאָלגט נישט זיין פאָטער אָדער זוין מוטער, וואָס שלאָגט די מוטער און פלוכט דעם פאָטער, קומט איהם טויט-שטראָף. אַלע איינוווינער פון זיין וואוין־פּלאַץ זאָלען איהם פערשטיינערען און אויסראָטען דאָס בייז פון צווישען זיי. דעם ערשטען שטיין זאָל אויף איהם שליי-דערען די מוטער..."

פּגעיאלס פּנים איז געוואָרען נאָך זיבענמאָל בלאַסער ווי פריהער, און זיינע מוסקולען האָבען קיין ציטער נישט געטהון, די פרוי אָבער האָט זיך צוגעהערט און איהר פּנים האָט געפלאַמט.

און אין צעהן מינוט אַרום האָבען די שוטרים אַרויסגעפיהרט דעם יונגענמאַן פון דער וואַך, וואו זיי האָבען איהם געהאַט אַריינגעזעצט ביז עס וועט קלאָר ווערען, וואָס מיט איהם זאָל געשעהען. דאַן האָבען זיי איהם אַוועקגעפיהרט אין פעלד אַריין אויסערהאַלב פון דעם לאַגער און גרויסע מאַסען פונ'ם פאָלק האָבען זיך געצויגען נאָך זיי, מענער, פרויען און קינ־דער זעהר פיעל.

און די טראָמפּייטער האָבען געשאַלט אין די טראָמפּייטען און די שופר-בלאָזערס האָבען געבלאָזען אין די שופרות און די פּויקערס האָבען געפּויקט, און דער טומעל און ליארם איז געווען זעהר גרוים.

ווי עפּעס אַ שכרות האָט אַרומגענומען די גאַנצע מחנה. עס האָט אויפגעוואַכט אַ העלישע ליידענשאַפט, און דאָס פאָלק האָט דערשפּירט דעם גערוך פון בלוט.

און קהת האָט געשפּאַנט מיט אַ שטאָלץ אויפגעריכטען קאָפּ, און האָט אפילו קיין ציטער נישט געגעבען — אָבער אין דעם אויגענבליק האָט ער דערבליקט צווישען דעם פאָלק אויך דאָס מענשען־געזעמעל, פאַר וועלכען ער האָט זיך תמיד געמיהט, די אַלע ליידענדע און געפּייניגטע, הונגעריגע און אומגליקליכע. עס איז איהם דאַן אַ ווײלע פערגליווערט געוואָרען דאָס בלוט אין האַרצען, און ער איז שוין מעהר נישט געגאַנגען אזוי שטאָלץ.

און ווען זיי זענען געקומען צו דעם בעשטימטען אָרט, האָט מען איהם אָנגעטהון אַ ווייס ליינען העמד, וואָס איז געווען אזוי לאַנג, אַז עס האָט איהם אינגאַנצען צוגעדעקט פונ׳ם שפּיץ קאָפּ ביז די פוס־טריט, און די אויגען האָט מען איהם אַרומגעבונדען מיט אַ צודעק, אַז ער זאָל גאָרנישט זעהן, און מ׳האָט איהם אַוועקגעלעגט אויפ׳ן פּנים.

און דאָס פאָלק האָט געטראָגען די שטיינער פון אַלע זייטען און עקען, און אויך די הונגעריגע און אומגליקליכע און די אָרימע און ליידענדע, און די קנעכט און דיענסטען — אויך זיי האָבען געטראָגען שטיינער.

דעם ערשטען שטיין האָט אויף איהם געשיילדערט זיין מוטער דבורית פון די חתים און איהר פּנים האָט געפלאַמט.

דעם צווייטען שטיין האָט געוואָרפען דער נשיא פּגעיאל דער זוהן פון עכרן, אָבער זיין האַנד האָט זיך אַ טרייסעל געטהון ביים וואַרפען.

דאַן איז צוגעגאַנגען אויך דאָס מיידעל, וואָס איז געווען פאַר איהם בעשטימט אַלס ווייב, דען ביי דעם גאַנצען פאָלק האָט זי זיך נאָך גערעכענט אַלס זיין כלה —

אָבער אַ קליין מיידעל איז דאָרט געווען, קטורה האָט זי געהייסען, און זי איז געווען אַ דיענסט־מויד ביי פּגעיאל דעם זוהן פון עכרן, און דאָס דאָזיגע מיידעל האָט געפּרובט אָבצושטויסען די רייכע יונגפרוי אָן אַ זייט. ווייל געפיהלט האָט די דאָזיגע אָרימע דיענסט, אַז זי האָט אַ חלק אין דעם מענשען, וואָס ליגט דאָ אויף דער ערד, מעהר פון אַנדערע.

אָבער די אַדעליגע יונגפרוי האָט זיך אויפגעריכט און האָט זיך דערנעהנטערט לאַנגזאַם מיט שוועבענדיגע טריט. מיט אַ געהויבענעם קאָפּ איז זי געשטאַנען, געהילט אין איהר לאַנגען שלייער, צאַרט און ווייך, דען זי

איז דאָך אַן׳אַדעלס־טאָכטער, און האָט מיט איהר צאַרטער און אַדעליגער האַנד געוואָרפען דעם דריטען שטיין.

דאַן האָט דאָס גאַנצע פאָלק גענומען וואַרפען שטיינער, און עס איז געפאַלען אַ האַגעל פון שטיינער פון אַלע זייטען און עקען ביז עס איז אַ גרויסער הויפען געוואָרען. אין די ערשטע מינוטען האָט זיך נאָך געהערט עפּעס ווי אַ שלוכצענדע שטים און נאַכהער קורצע זיפצען, דערשטיקטע און דונקעלע, און דאַן האָט עס אויפגעהערט און מ׳האָט מעהר קיין שאָרך נישט געהערט.

בלויז קטורה, דאָס קליינע מיידעל, האָט געקניהט צו דער ערד און איז געוועזן ווי וואהנזיניג: מיט אַ געשיקטער האַנד האָט זי געפּרובט אויפכאַפּען יעדעסמאָל דעם געשליידערטען שטיין און איהם וואַרפען אָן אַ זייט. אָבער איהרע קרעפטען זענען צו שוואַך געוועזן אַקעגען אַזאַ גרויסער מחנה.

און די טראָמפּייטערס האָבען געשאַלט אין די טראָמפּייטען און די שופר־בלאָזערס האָבען געבלאָזען אין די שופרות און די פּויקערס האָבען געפּויקט מיט גרויס ליאַרם און געפּילדער.

דאַן איז פּלוצלינג אַ גרויסע שטילקייט איינגעטרעטען. די זון האָט שאַרף געלויכטען. אַ באַרג שטיינער האָט אַרויסגעשטאַרצט פון דער ערד.

און דער כהן גדול שטעהט מיט אַן׳אויפגעריכטען קאָפּ און מיט אויפגעהויבענע הענד צום הימעל און זאָגט: — „אַזוי זאָל געטהון ווערען צו אַ מאַן, וואָס פאָלגט נישט זיין פאָטער און מוטער״.

און די כהנים מיט די כהנים־שילער און די לויים מיט די לויים־שילער רופען איינער צום אַנדערען: „און דו זאָלסט אויסראָטען דאָס בייז פון צווישען דיר! און דו זאָלסט אויסראָטען דאָס בייז פון צווישען דיר! און דו זאָלסט אויסראָטען דאָס בייז פון צווישען דיר!״

און די זקנים ענטפערען זיי: „און גאַנץ ישראל וועט זעהען און זיך פאָרכטען!״

און קטורה דאָס קליינע דיענסטמיידעל שטעהט צוטומעלט, און איהרע אויגען בלאָנדזשען און איהר צונג קאָן קיין זילבע נישט אויסרעדען און זי ווייסט נישט, וואָס איהר איז געשעהן.

# די סוטה

ווען די בני־ישראל האָבען געלאַגערט אין בני־יעקן, אין פיער־אונדרייסיגסטען יאָהר זינט דעם, ווי זיי זענען ארויס פון מצרים, אין די ערשטע טעג, ווען די מחנה איז אָנגעקומען ביז דעם דאָזיגען אָרט און דאָרט פונאַנדערגעשטעלט די געצעלטען, צוויי־און־צוואַנציג יאָהר זינט ס'איז אויפגעשטעלט געוואָרען דער משכן — איז געווען אַ מאַן צווישען דער מחנה, איעזר דער זוהן פון מכיר איז געווען זיין נאָמען, און ער האָט געהאַט זעקס ווייבער. איז דער דאָזיגער מאַן געקומען קיין עציון־גבר און האָט דאָרט אַ מיידעל דערזעהן, שפרה די טאָכטער פון סרד, און האָט אויך זי געוואָלט נעהמען פאַר אַ ווייב, אָבער דאָס מיידעל האָט נישט איינגעווילינט מיטצוגעהן מיט איהם. דער מאַן איז פון דאָרט אַוועק און האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים שווייגענדיג און שטיל און ער האָט זיך געטרייסט נאָך דעם מיידעל מיט זיינע זעקס ווייבער — אָבער זיין פנים איז איינגעפאַלען פון טאָג צו טאָג און ער האָט גענומען וואָסאַמאָל ווייניגער רעדען. דאַן איז דער מאַן אין פערצעהן טאָג אַרום ווידער געגאַנגען קיין עציון־גבר און האָט פונדאָסניי גערעדט צום הארצען פון דעם מיידעל — אָבער זי האָט איהם אויך דאָסמאָל נישט געפאָלגט. ער האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים אומעטיג און געקרענקט און האָט געלעבט מיט זיינע זעקס ווייבער — אָבער דער שלאָף האָט איהם פערלאָזען אין די נעכט און בייטאָג זענען זיינע אויגען געווען פערשטאַרט אין זייערע לעכער. דאַן איז דער מאַן צום דריטען מאָל ווידער אין פערצעהן טאָג אַרום געצויגען קיין עציון-גבר און האָט איינגעטענה'ט מיט דעם מיידעל דריי טעג און דריי נעכט — און דאָס מיידעל איז אויך דאָסמאָל נישט געגאַנגען מיט איהם. ער האָט דאַן אָנגעזאָטעלט זיין אייזעל און איז זיך געריטען פאַמעליך, געוואַלדיג פעראומערט און פערפינסטערס, און האָט זיך אומגעקעהרט אַהיים קיין בני־יעקן און איז געזעסען גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט אין זיינע ווייבערס געצעלטען און האָט קיין וואָרט

נישט אויסגערעדט. און נאָר זיין פּנים איז געוואָרען וואָסאַמאָל בלייכער און זיין לייב איז איינגעטרוקענט געוואָרען, אַז עס איז געווען אַ גרויל אויף איהם צו קוקען. פּלוצלינג אין אַ פריהמאָרגען האָט ער אָבגעג'גט אַלע זעקס ווייבער מיטאַמאָל און זיי אַוועקגעשיקט פון זיין הויז, און דאָס גאַנצע פאָלק ארום האָט געשטוינט, דען עס איז נאָך אַזעלכעס נישט געווען אין ישראל, אַז אַ מאַן זאָל אָב'גט'ן זעקס ווייבער אין איין טאָג. אָבער נאָך אין דעם זעלבען טאָג האָט ער גענומען און אָנגעטהון דעם בויגען אויפ'ן אַקסעל און איז אַוועק קיין עציון־גבר צו יענעם מיידעל און האָט איהר דערצעהלט, וואָס ער האָט אָבגעטהון, און ער האָט זי געקויפט פאַר אַ ווייב פאַר אַכציג רינדער און צוואַנציג קעמלען און הונדערטאונדרייסיג שטיק זילבער — און דאָס מיידעל איז מיט איהם געגאַנגען און איז איהם געוואָרען אַ ווייב. און ווען זי האָט דערזעהן אַלץ, וואָס ער האָט אָנגעטהון פאַר איהרעטוועגען און אַז ער האָט זעקס ווייבער גע'גט אויס ליעבע צו איהר, האָט זי איהם אויך הארציג ליעב בעקומען און איהר ליעבע צו איהם איז געשטיגען פון טאָג צו טאָג און ווירקליך האָט זי דער מאַן געאַכפּערט, ווי אַ גאָט: ער האָט איהר פיעל דיענערינס און דיענסט-מיידלעך גגעגעבען, וואָס זאָלען זי בעדיענען, און זי האָט געהערשט אין זיין הויז ווי אַ קעניגין.

און ווען דאָס פאָלק אין בני־יעקן האָט דערזעהן דאָס נייע ווייב, וואָס איעזר דער זוהן פון מכיר האָט מיטגעבראַכט מיט זיך, איהר שעהנעם וואוקס און איהר געשטאַלט ביים געהן — דען איהר פּנים האָבען זיי נישט געזעהען, ווייל עס איז געווען תמיד אין אַ שלייער געהילט — זענען זיי אַ ווילע שטעהן געבליבען אונבעוועגליך, ווי שטיקער האָלץ, און מיט אָפּענע מיילער. און דאַן האָבען זיי געזאָגט איינער צום אַנדערען: „איצט איז שוין דאָס רעטעניש געלעזט! עס איז דאָך גאָר קיין וואונדער נישט, ווען צוליעב אַזאַ ווייב נעהמט אַ מאַן און גט־אָב נישט בלויז זעקס, נאָר אפילו טויזענד ווייבער. און מאַנכע האָבען צוגעגעבען: „איך וואָלט דאָך גרייט געווען נישט בלויז צו גט'ן, נאָר אויסצוהרגענען צעהנטויזענד ווייבער אין איין טאָג, ווען איך וואָלט נאָר געקאָנט ליגען נעבען אַזאַ מיידעל בלויז איין נאַכט!" — און ווירקליך איז איהר וואוקס און געשטאַלט און געבוי

פון קערפּער אין דעם מאָמענט, ווען זי פלעגט איהר אָרעם שטרעקען אָדער א פוס שטעלען, געווען אמת'דיג וואונדערליך. אזא געשטאַלט פערמאָגט נאָר איינע פון צעהנטויזענדער און אזוי געהט נאָר א מלכה בת מלכה. אָפּטמאָל פלעגען פון הינטער'ן דעק פון איהר שלייער ארויסשלאָגען ווי א פלאַם פייער צוויי אויגען ברענענדיגע און גליהענדיגע, אָדער עס פלעגט אַרויסשיינען פון הינטער'ן שלייער א שנירעל ליכטיגע און בלישטשענדיגע צייהן, וואָס האָבען געבלענדעט אויף א ווײלע די אויגען פון דעם דורכגעהער. נאָר איינע איז געווען צווישען דער מחנה, וואָס האָט נישט געקענט די שענהייט פון דער דאָזיגער פרוי — דאָס איז געווען שפרה אליין, זי האָט נישט געוואוסט און נישט פארשטאַנען, פארוואָס טהוט זיך תמיד קלויבען ארום איהר אזא מענשען־געזעמעל יעדעסמאָל ווען זי ווייזט זיך א ווײלע אין דרויסען און וואָס געשעהט דאָס פלוצלינג ארום איהר און פארוואָס קוקט מען איהר אזוי נאָך. ביסלעכווייז איז דאָס איהר געוואָרען צו לאַסט, און זי האָט געציטערט ארויסצוגעהן אויף די גאַס. זי איז דאַן געזעסען איינזאַם אין איהר געצעלט, אָבגעזונדערט אפילו פון איהרע דיענסטען, און האָט געטראַכט א גאַנצען טאָג נאָר ווענען איהר מאַן און געוואַרט אויף איהם, ווען ער איז אינדערהיים נישט געווען. און איז ער אַרויסגעגאַנגען צו זיין ארבייט און אזוי גיך נישט צוריקגעקעהרט צו דער אָבגערעדטער צייט, פלעגט זי א שרעק בעפאַלען, וואָס האָט איהר גאַנץ לייב אויפגעציטערט. זי פלעגט זיך דאַן אוועקשטעלען נעבען דעם פאָרהאַנג, וואָס האָט צוגע־דעקט די טיר פונ'ם שטילען געצעלט, און בעהאַלטענדיג איהר פּנים אין דעם פאָרהאַנג, האָט זי אויפגעשפּיצט איהרע אויערען און איינגעהאָרכט זיך אָהן אויפהער אין די ווייטענישען, טאָמער וועט זי פערנעהמען דעם אָב־קלאַנג פון זיינע טריט ווי ער געהט — און ווען זי האָט פלוצלינג פערנו־מען דאָס בילען פון א הונד, איז זי אויפגעציטערט געוואָרען און צוריק־געשפּרונגען.

אָדער ווען זי איז אליין געזעסען און די איינזאַמקייט איז איהר גאָר שווער געוואָרען, האָט זי געהייסען זיך ברענגען דאָס שפּינדעל און דאָס קליינע שפּיז־שטעקעלע, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער היים, און זי האָט א קליין ביסעל געשפּונגען מיט איהרע צאַרטע פינגער

אַ געדרעהטען דינען לייגען־שנור פאַר אַ בונט געוועב — און זי האָט דערביי נאָר געטראַכט וועגען איהר מאַן. און אַז דאָס שפּינדעל האָט געקלאַפּט לוסטיג, זענען אויך איהרע געדאַנקען געוואָרען לוסטיג און ליכטיג, האָט אָבער דאָס שפּינדעל געראוישט מיט אַ שווערען אומעט, האָט אויך איהר געמיט פּרעסען אַ שווער געמיט. און אָפטמאָל אין די פאַרנאַכט־שעה'ן, ווען אַרום און אַרום איז געוואַקסען די פינסטערניש פון מינוט צו מינוט, און די האָלץ-ברעטער זענען נאָך נישט געווען געשפּאָלטען אויף אָנצוצינדען דאָס פייער און ליכטיג מאַכען, און נאָר דער טונקעלער פלאַקס האָט געזויגען דעם אייל פון דעם שאַרבען וואָס אויפ'ן געזימס פונ'ם אויווען, און די לאַנגע שאָטענס האָבען בעדעקט די ווענד און שפּרינגענדיג אהין און אהער געשטרעקט לאַנגע צונגען — איז אויף איהר אַ גרויסער פּחד אָנגעפאַלען און זי האָט פּלוצלינג אָנגעהויבען טראַכטען וועגען גאָט און זיינע פּיעלע וואונדער. דען זי איז אַ גאָטספאָרכטיגע פרוי געווען נאָך פון איהר מיידעלשטער צייט אין איהר פאָטערס הויז. און זי האָט אין דעם מאָמענט זיך דערמאָהנט אָן די אַלע פירכטערליכע און וואונדערליכע זאכען, וואָס זי האָט געהערט זינט איהר לעבענס־טאָג ביז היינט און אַלץ, וואָס איהר מוטער און וואָס איהר אָם האָבען איהר דערצעהלט, און אַלע גרויסע און פירכטערליכע וואונדער, וואָס עס שאַפען די כהנים אַרום — און איהר לייב האָט אויפגעשוידערט פון שרעק. דאַן פלעגט אָפטמאָל זיך דערטראָגען פון הינטער די בערג דאָס גרוילהאַפטע געהייל פון אַ הונגעריגער סאָווע, און זי האָט זיך דערמאָהנט, וואָס די מוטער האָט איהר דערצעהלט, ווען זי איז נאָך אַ קליין קינד געווען, אַז זי איז געשטאַנען פאַר דעם רויכערענדען באַרג, פאַר דעם באַרג סיני, און דער רויך איז אויפגעגאַנגען פונ'ם באַרג ווי פון אַ קאַלך-אויווען, און פּלוצלינג אין דער באַרג אַרויסגעריסען געוואָרען פון זיין אָרט און איז אַרויף אין הימעל אַריין, און די מדבר איז אַנטלאָפען און איז פערשוואונדען געוואָרען און אַלץ אַרום איז מעהר נישט געוועזען, און אַ ווילדער וואָלף איז צוגעגאַנגען צו איהר און זיך אַנידערגעלעגט צו איהרע פיס און איז פּלוצלינג געוואָרען אונשולדיג און אונשעדליך ווי אַ ציגעלע, וואָס וועט קיינמאָל קיין בייז נישט טהון — און דאָס גאַנצע פאָלק איז פאָרכטיג געפאַלען אויף די פּנימער מאַנכע מאָל האָט זי

זיך דערמאָהנט אָן איהר אם און אָן דעם, וואָס זי האָט איהר וועגען די כהנים דערצעהלט, אז אויב א מאַן אָדער א פרוי טהוט זיי דערצערנען, אזוי באַלד קומען אָן די גיפטיגע שלאַנגען און בייסען דעם דאָזיגען מאַן אָדער פרוי, וועלכע שטאַרבען גלייך — און זי האָט די אַלע זאכען מיט איה-רע אייגענע אויגען געזעהן. טײלמאָל פלעגט זי זיך דערמאָהנען, וואָס זי האָט פון איהר פאָטער געהערט, אז ערשט מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט זיך צונויפגעקליבען א גרויס געזעמעל, קורח מיט זיינע לייט, און זיי האָ־בען געמורמעלט געגען גאָט און געגען דעם געטליכען מאַן און געגען די כהנים, און ווי זיי זענען געשטאַנען אזוי און גערעדט, האָט פּלוצלינג אויך די ערד געעפענט איהר מויל, און עס איז געוואָרען א גרויס לאָך, צווייטוי־זענד איילען די ברייט און צוויטויזענד איילען די לענג, און זי האָט איינ־געשלונגען די אַלע מענשען לעבעדיגערהייט, זיי מיט זייערע הייזער און פיה און פערמעגען און אַלע זייערע דיענסטען מיט די קנעכט, און די אַלע, וואָס זענען געשטאַנען ארום, זענען קוים אנטלאָפען מיט'ן לעבען, לויפענדיג אקעגען דער מדבר א גאַנצען טאָג און א האַלבע נאַכט — און צווישען די אנטלאָפענע איז אויך איהר פאָטער געוועזן. נאָר איין שריט איז געוועזן פון איהם ביז צו דעם אָפענעם לאָך — א שוידער איז דורכגעגאַנגען שפרה'ן איבער'ן לייב, ווען זי האָט זיך דערמאָהנט דאָס דאָזיגע גרוילהאפטע גע־שעהעניש און זי האָט נישט געקאָנט זיך א ריהר טהון און אויפ־שטעהן פון איהר פּלאַץ. זי האָט זיך אָבער אָנגעשטרענגט מיט אַלע איהרע קרעפטען און זיך אויפגעהויבען און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פונ'ם געצעלט און זיך געבוקט.

אין דער טיר פונ'ם געצעלט האָט זיך פּלוצלינג בעוויזען דאָס געזיכט פון איעזר דעם זוהן פון מכיר און עס איז געוואָרען ליכטיג ארום — און אויך ביי שפרה'ן אין דער נשמה איז ליכטיג געוואָרען. זי האָט זיך א וואָרף געטהון אויף זיין האַלז און איהם געקושט געוואַלדיג שטורמיש, אז ער האָט נישט פערשטאַנען, וואָס עס איז איהר געשעהן. אָבער אין א ווײַלע ארום האָט זי אינגאַנצען פערגעסען די אַלע שרעקענס-בילדער און פירכ־טערליכע געשפענסטער און זי האָט זיך זאָרגלאָז געשפּיעלט, ווי א קליין מיידעלע.

*

און אין בני־יעקן איז געווען א גרויסע בעוועגונג צווישען דעם פאָלק. מ'האָט דאָרט געאַרבייט אויפצושטעלען דעם משכן, און דאָס געזעמעל איז געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער; די פאַמיליע פון גרשון האָט געטראָגען די טעפּיכער פון משכן און דעם אוהל־מועד, און זיין דעק און די דעק פון תחש־פעל און די פאָרהאַנגען, און די קינדער פון מררי האָבען געטראָגען נאָך זיי די ברעטער פון משכן און די ריגלען און די זיילען און די שוועלען און די צאַפּענס און די שטריק. עס איז אָנגעגאַנגען א גרויסע אַרבייט, און א גאַנצען טאָג האָט נישט אויפגעהערט דאָס קלאַפּעריי פון די האַמערס און דאָס קריצעניש פון די נעגעל. דערנאָך האָט זיך אַראָבגעלאָזען א וואָלקען אויפ'ן משכן און האָט איהם צוגעדעקט, הילענדיג איהם אין פינסטערניש און וואָס אויף איהם האָט גערוהם א גאַנצען טאָג, און ביינאַכט איז אויפגעגאַנגען א פייער־זייל און האָט איהם איינגעהילט — און א שרעק האָט אַרומגענומען דאָס גאַנצע פאָלק אַרום. און דאָס פאָלק האָט געבראַכט אָפּפער זעהר פיעל: זעמעלמעהל מיט אייל און וויירויך, אויוון־געבעקס און מצה־קוכענס געמישט מיט אייל אָדער בעשמירט מיט אייל, טורטעל־טויבען און יונגע טייבעלעך, און אויך גרויסע קרבנות פון רינדער און שאָף.

און אויך שפרה די טאָכטער פון סרד, דאָס ווייב פון איעזר דער זוהן פון מכיר, איז געקומען אהער און האָט זיך דערנעהנטערט ביז צום טויער פון דעם משכן, טראָגענדיג איהר אָפּפער מיט זיך: א פּעטע טורטעלטויב האָט זי געבראַכט, די בעסטע פון איהרע טויבען, וועלכע זי האָט ליעב געהאַט, און זי האָט עס צוגעטראָגען צום טויער פון דעם אוהל־מועד צום כהן. אָבער דער כהן האָט זי געלאָזען וואַרטען ביז דאָס גאַנצע פאָלק איז זיך פונאַנדערגאַנגען. דאַן האָט ער גענומען דאָס אָפּפער פון איהר האַנד און איז מיט איהר צוזאַמען געגאַנגען ביז צום מזבח. — רויט־געפאַרבטע תחש־פעל זענען איהר געהאַנגען איבער די אַקסלען און זייערע עקען זענען געווען צוזאַמענגעהאַפטען מיט א האָק אקגען איהר בויך, און איהר געזיכט איז געווען אין א שלייער געהילט.

דער כהן איז געגאנגען לאנגזאם, ווי ער וואָלט זיינע טריט געצעהלט, און די פרוי איז געגאנגען פאַר איהם. פּלוצלינג האָט ער זיך אָבגעשטעלט און איז אַ ווײַלע געשטאַנען אויף איין אָרט און זיך צוגעקוקט צו איהר פון הינטען. באַלד אָבער האָט ער זיך אויפגעריכט און זיך אומגעקעהרט צו זיין דיענסט און גענומען צו דער אַרבייט. מיט כונה און מיט אַ גע־שיקטער האַנד האָט ער אָבגעקנייפּט דעם קאָפּ פון דעם פויגעל. דער פויגעל האָט געצאַפּעלט אַ מינוט אין זיין האַנד, אָבער דער כהן האָט רוהיג גענומען אָפּפּערען דעם קרבן אויפ׳ן מזבח. פּלוצלינג האָט ער אַ ווײַלע אָבגעשטעלט זיין אַרבייט און זיך אָבגערופען:

— טהו־אוים דעם שלייער, מיין טאָכטער, ס׳איז נישט גוט צו ברענ־גען אַ קרבן מיט אַ צוגעדעקט געזיכט.

און די פרוי האָט איהם גלייך געפאָלגט אין גרויסער בעשיידענהייט. האָט דאָך גאָט אַזוי בעפוילען — און זי האָט גיך אַראָבגענומען דעם שלייער פון איהר פּנים. אין דעם אויגענבליק איז צערונען דער וואָלקען, וואָס האָט געהויערט אַרום און עס איז פּלוצלינג ליכטיג געוואָרען. דער כהן איז אַ ווײַלע געווען ווי צעטומעלט...

אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר איין אויגענבליק. באַלד האָט ער זיך רוהיג אומגעקעהרט צו דער אַרבייט. דעם פויגעל האָט ער געהאַלטען אין זיין לינקען האַנד, און מיט דער רעכטער האַנד האָט ער לאַנגזאַם אַראָבגע־נומען דעם קראָפּ מיט דער פּעדער, און די פרוי איז געשטאַנען אין בע-שיידענהייט און מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ.

פּלוצלינג האָט זי עפּעס דערפיהלט און האָט נישט געוואוסט, וואָס עס איז געשעהן. און אַז זי האָט אויפגעהויבען די אויגען און אַ קוק גע־געבען, האָט איהר דאָס גאַנצע בלוט אין איין אויגענבליק געשלאָגען אין פּנים אַריין און זי איז שטאַרק רויט געוואָרען: דער כהן איז געשטאַנען מיט ברייט צעעפענטע אויגען, וואָס האָבען געברענט ווי צוויי פאַקעלען און זענען אַריינגעדרונגען אין איהר געזיכט אַריין און אויפגעזויגען מיט אַ נעוואַלדיגער ליידענשאַפט איהר געשטאַלט. אַזעלכע אויגען האָט זי זינט איהר לעבענס־טאָג נישט געזעהן.

און טראָץ דעם אַלעם האָט דער כהן געטהון זיין אַרבייט רוהיג. דעם

קראַפּ מיט דער פעדער האָט ער אוועקגעוואָרפען צו מזרח נעבען דעם מזבח אויפ׳ן אש־הויפען. עס האָט זיך איהר געדאכט, אז זיין האנד האָט עפּ־וואָס א ציטער געטהון, אָבער זי האָט זיכער א טעות געהאט. אָט שטעהט ער און שפּאַלט דעם פויגעל אין די פליגעל אין פולער רוה. נאָר נישט ווילענדיג האָט אין דעם אויגענבליק זיין האנד זיך אָנגעריהרט אָן איהר האנד און א ציטער איז פּלוצלינג דורכגעגאנגען איבער אלע איהרע גלידער.

און דער כהן טהוט זיין ארבייט גיך און רעדט קיין וואָרט נישט אויס, נאָר זיין געזיכט איז טריעב און פערוואָלקענט. מיט א געשיקטער האנד שפּאַלט ער דעם פויגעל אין די פליגעל און צעברעכט נישט, און דאן דעמפּט ער עס גיך אויפ׳ן מזבח, אויפ׳ן האָלץ וואָס אויפ׳ן פייער. דאָס פייער לעקט־אויף מיט לוסט דעם קרבן — און די ארבייט איז געענדיגט.

ווי א שווערער שטיין איז איהר אראָב פונ׳ם הארצען, און זי האָט נישט געוואוסט וואָס דאָ איז אזעלכעס פּאָרגעקומען. זי האָט זיך געוואָל־דיג א קעהר געטהון צו געהן, נישט אומקוקענדיג זיך, און דער כהן האָט זי אויך נישט פערהאַלטען, נאָר ווען זי איז שוין געווען עטליכע שריט ווייט פון איהם, האָט ער איהר נאָכגעשריען, זאָגענדיג:

— דו ביזט א זינדיגע פרוי, מיין טאָכטער, און דו דארפסט ברענגען אויך א זינד־אָפּפער. גאָט ווינשט דיין קרבן און דו דארפסט איהם וואָך־וועכענטליך אנ׳אָפּפער ברענגען...

און ווען זי האָט זיך אומגעקעהרט אין איהר געצעלט און איז דאָרט איינזאם געזעסען, האָט זי געשוויגען, ווי א פערשטומטע, און נאָר געטראַכט אָהן אויפהער. איין אויגענבליק האָט זי אין זין געהאט צו דערצעהלען אַלץ איהר מאַן, אָבער זי האָט נישט געוואוסט, וואָס צו דערצעהלען, דען עס האָט דאָך איהר קיין זאך נישט פּאסירט. און ווירקליך איז איהר אין א טאָג ארום גרינגער געוואָרען, און זי האָט מעהר קיין זאך נישט געדענקט און האָט די גאנצע פּאסירונג פערגעסען.

און יעדע וואָך פלעגט זי געהן ברענגען איהר אָפּפער, א בראנד־אָפּפער און א זינד-אָפּפער, אזוי ווי ס׳איז איהר בעפויהלען געוואָרען. — אָבער דער כהן האָט אָנגעהויבען זיך צו בעפריינדען מיט איהר וואָסאמאָל מעהר

פון וואָך צו וואָך און פון טאָג צו טאָג און ער איז איהר וואָס אַמאָל נעהנ־טער געקומען, און זי האָט עס נישט געוואוסט און נישט געמערקט.

איינמאָל ווען ער איז מיט איהר אַליין אַזוי געשטאַנען ביים מזבח וואָס פאַר'ן איינגאַנג פון אוהל־מועד און גענעהנט איהר אָפּפער: דעם קאָפּ פון דעם יונגען טייבעלע האָט ער אָבגעקנייפּט הינטער דעם גניק נישט צעברעכענדיג, און פון דעם בלוט האָט ער געשפּרענגט אויף די וואַנד פון מזבח און דאָס איבריגע בלוט געלאָזען אויסרונען אויפ'ן באָדען פונ'ם מזבח — האָט ער פּלוצלינג אָנגענומען איהר האַנד מיט זיינע הארבע פינ־גער, און געפאָדערט פון איהר, אַז זי זאָל קומען אַקעגען אָוונד הינטער די פעלזען־שלוכטען ביים בארג וואו ער וועט אויף איהר וואַרטען. די פרוי האָט נישט פערשטאַנען, וואָס ער רעדט צו איהר, נאָר פּלוצלינג איז זי זעהר רויט געוואָרען און האָט זיך אויפגעכאַפּט און איז אַנט־לאָפען אָבער דאָס הארץ האָט איהר געקלאַפּט אויף די זינד וואָס זי איז איצט בעגאַנגען אַקעגען גאָט. רעדט דאָך גאָטס וואָרט פונ'ם כהן, און זי, די זינדערין, האָט עס איהם פאַר איבעל גענומען.

אין אָוונד האָט זי דאָס מויל געעפענט צו רעדען מיט איהר מאַן און בעטען אַ ראָט פון איהם — אָבער זי האָט נישט געקאָנט. די געשטאַל־טען פון איהר מוטער און פון איהר אָם זענען געשטאַנען פאַר איהרע אויגען אַ גאַנצע נאַכט, און זיי האָבען דערצעהלט, דערצעהלט...

און איינמאָל, ווען זי איז צוריקגעקעהרט פונ'ם משכן און אוהל־מועד אין איהר געצעלט, איז זי געווען אויפגערודערט ביז גאָר. זי האָט קיין ברויט נישט געגעסען און קיין זאַך אין איהר מויל נישט גענומען, און איז נאָר אַרומגעגאַנגען איבער'ן געצעלט אַרויף און אַראָב אָהן אויפהער און איז נישט מיעד געוואָרען. אַלע איהרע אינגעווייד האָבען געשריען: וואָס האָט פון מיר היינט געוואָלט דער געטליכער מאַן? מיט וואָס האָב איך געזינ־דיגט אַ קעגען גאָט, דאָס דער כהן האָט מיר געדראָהט, אַז אויב איך וועל נישט פאָלגען גאָטס שטים, וועלכע רעדט צו מיר פון זיין מויל, וועט ער אויף מיר ברענגען אַנ'אומגליק, וואָס איך וועל אויף אייביג דערפון נישט קאָנען לויז ווערען?...

און דאָך האָט זי אויך ווייטער געבראַכט איהרע אָפּפער פון צייט צו צייט, דען זי האָט זיך געפּאַרכטעט פאַר גאָט.

און איינמאָל שטעהענדיג פאַר׳ן מזבח מיט אַ צעהנטעל איפה זעמעל־מעהל צו אַ זינד־אָפּפער אָהן אייל און אָהן ווייהרויך, און דער כהן האָט אָנגעהויבּט ׳דערפון אַ האַנדפול צו דערמאָהנונג אום אָנצוצינדען דערמיט דאָס פייער און דעמפּפען אויפ׳ן מזבח — האָט ער אויסגעשטאַרצט אויף איהר זיינע אויגען מיט האַס און מיט אַנ׳אייז־קאַלטער שטים צו איהר גע־זאָגט:

— שפרה די טאָכטער פון סרד! נאָך איין טאָג צייט גיב איך דיר. אויב דו וועסט היינט נישט קומען הינטער די שלוכטען, ווי גאָט האָט בע־פויהלען, וועל איך דערצעהלען דיין מאַן...

עפּעס אַ שטיינערנע רוהיגקייט איז אויף איהר פּלוצלינג געקומען און זי האָט ׳זיך אויפגעריכט און אויסגעגלייכט אַזוי גרויס ווי זי איז געוועזען און ווי אַ שטאָלצע קעניגען האָט זי קיין וואָרט נישט ענטפערענדיג, זיך אויפגעהויבען און איז אַוועקגעגאַנגען.

פאַרוואָס האָט ער עפּעס געזאָגט, אַז ער וועט דערצעהלען איעזר׳ן, וואָס וועט ער איהם זאָגען? וואָס קאָן ער איהם זאָגען?...

אָבער ווען זי איז אַהיימגעקומען, האָבען זיך איהר גענומען גיסען טרעה־רען פון די אויגען און זי האָט זיך אַנידערגעוואָרפען אויף די ווידער־פע־לען וואָס אויף דער ערד און האָט געוויינט אויף אַ קול.

פּלוצלינג האָט זי זיך אויפגעמונטערט און האָט אין הארצען אַ בע־שלוס געפאַסט, אַז פון היינט אָן און ווייטער זאָל זי מעהר קיין אָפּפער נישט ברענגען און אין דרויסען נישט ארויסגעהן. און אויך איהר מאַן וועט זי עס ׳דערצעהלען — ווען עס וועלען נאָר פאַרבייגעהן עטליכע טעג און אויב זי וועט נאָר די ריכטיגע ווערטער געפינען. זי האָט זיך דאַן געוואונדערט אויף זיך אַליין און נישט פערשטאַנען, ווי אַזוי איז איהר דער דאָזיגער געדאַנק שוין לאַנג נישט איינגעפאַלען אויפצוהערען געהן אין אוהל־מועד.

אַ טאָג דערויף אָבער האָט זי געזעהן דעם כהן, ווי ער איז געקומען צו איהר מאַן אין געצעלט און זיי האָבען זיך געסוד׳עט. דאָס גאַנצע בלוט אין הארצען איז איהר פערגליווערט געוואָרען און איהר אָטעם האָט אויפ־

געהערט צו צוקען. דאן האט זי איהם געזעהן, ווי ער איז ווידעראמאל גע־קומען צו איהר מאן איינמאל און נאכאמאל.

אך! וואלט איהר נאר געקלעקט מוט צו רעדען מיט איהר מאן און איהם דערצעהלען אלץ, אלצדינג...

*

און די טעג זענען געווען אומעטיגע און דער הימעל פון אויבען האט אראבגעלויכטען פרעך און מוטוויליג. א בראנדיגער שטורעמווינד האט זיך דורכגעטראגען איבער דער וויסטעניש און האט זי פארברענט און פערצעהרט יעדעם געשטרויך און יעדעס גראזוואוג — אבער שפרה'ן איז כסדר קאלט געווען. ווילדע פייגעל זענען געפלויגען אונטערען הימעל מיט א יאמערליכען קוויטש. און אין די נעכט האט זי קיין רוה נישט געקאנט געפינען אויף איה־רע טעפיכער און זי איז איינזאם און עלענד ארומגעגאנגען איבער איהר געצעלט אהין און אהער, טראכטענדיג און נישט וויסענדיג וואס אבער איעזר האט זיך אויסבעהאלטען פאר איהר און זי האט טעג לאנג זיין פנים נישט אנגעזעהן.

און איינמאל איז ער צו איהר צוגעגאנגען א צעטראגענער און אנ־אויפגערעגטער און האט זיך מיט איהר געקריגט וועהרענד זי האט נישט געוואוסט פארוואס, און ער האט פאר אלע דיענערינס און דיענסט־מוידען געשריען אויף איהר: „דו אויסגעלאסענע און פערשייטע איהר גאנץ בלוט האט אויפגעשטורעמט צו די שלייפען צו און זי האט זיך א וואקעל געטהון צו פאלען: דאן האט זי דאס מויל געעפענט — אבער זי האט קיין ווערטער נישט געהאט.

פלוצלינג איז איהר גאנצער שטאלץ אין איהר 'ערוואכט: — נאר נישט פערענטפערען זיך! נאר נישט זיך רעכטפערטיגען! זאל גאט טהון, וואס עס איז וואויל איז זיינע אויגען...

צי האט דער כהן אבגעווענדט איהר מאנ'ס הארץ פון איהר? צי האט ער איהם איינגערוימט אין אויער עפעס א בייזע זאך און האט אין איהם ערוועקט א געפיהל פון אייפערזוכט צו איהר? באלד אבער האט זי

חרטה געקריגען אויף איהר בייזען געדאנק, וואס זי טראכט וועגען גאט און זי איז גיך צוגעגאנגען צו דער טיר פון איהר געצעלט און זיך געבוקט.

און א גייסט פון ווידערשפעניגקייט האט זי פלוצלינג בעהערשט, צו טראצען געגען יעדען מענש, וואס וועט זיך איהר אקעגענשטעלען, און אויך געגען גאט וועט זי טראצען — און זי איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען און ארומגעגאנגען שטאלץ מיט אנ׳אויפגעריכטען קאפ. אבער אלע, וואס האבען זי געזעהען אין דרויסען האבען פון איהר געוויכען און זיך צוריקגעצויגען, ווען זי איז פארבייגעגאנגען, און איינער מיט׳ן אנדערען האט זיך געסוד׳עט.

און די קלאנגען האבען זיך כסדר געמעהרט, און פון דעם מויל פון איהרע דיענסטען האט איהר אויער אויפגעפאנגען איינצעלנע ווערטער, אז עס איז איהר געווארען פינסטער אין די אויגען.

און איינמאל איז צו איהר צוגעטרעטען איהר מאן, און נישט סוקענדיג אויף איהר געזיכט, האט ער איהר געזאגט שטיל און רוהיג:

— איבערמארגען צו דער צייט זאלסטו צוגרייטען דאס אפפער פון אייפערזוכט, וואס דו דארפסט ברענגען: א צעהנטעל איפה גערשטען־מעהל. קיין אייל זאלסטו דערויף נישט גיסען, און קיין ווייהרויך זאלסטו דערויף נישט טהון.

און גלייך דערויף איז ער האסטיג ארויס.

*

ווי א פערהלום׳טע איז זי נאכגעגאנגען נאך איהר מאן. א גרויס גערעמעל האט זיך צונויפגעקליבען הינטער זיי און די מענשען זענען מיטגעגאנגען זעהען, ווי דער מאן ברענגט זיין ווייב פאר׳ן כהן.

דער כהן איז געשטאנען שטאלץ, ער האט זיך קיין ריהר נישט געטהון און זיין אויג האט אפילו קיין צוק נישט געגעבען, ווען ער האט דערזעהן, ווי די פרוי דערנעהנטערט זיך צו איהם, און מיט בייזער שטים האט ער געזאגט צו דעם מאן אזוי־צוזאגען:

— „נאך זיבען טאג מוזען מיר ווארטען זיבען טאג וועט שפרה די

טאָכטער פון סרר זיצען אין דעם געפענגעניש-הויף פונ׳ם אוהל־מועד איי־נע אַליין אום זיך צו רייניגען פאַר גאָט, איידער עס קומט דער טאָג פון דער שטראָף״.

און זיבען טעג און זיבען נעכט אין שפרה די טאָכטער פון סדר גע־זעסען אין דעם געפענגניש־הויף אין דער ווייבער־קאַמער איינע אַליין, און יעדען אָווענד האָט דער כהן פערקעהרט צו איהר און געפּרובט מיט איהר רעדען: — זאָל זי איהם בלויז איין גוט וואָרט זאָגען און ער וועט באַלד אַראָבנעהמען איהר מאַנס פערדאַכט פון איהר, און אַלץ וועט ווידער זיין ווי פריהער. אָבער די פרוי איז געזעסען ווי שטום און האָט איהם קיין וואָרט נישט געענטפערט. און אויפ׳ן זיבעטען טאָג, ווען ער איז צוגעטרעטען צו איהר און זי אָנגענומען, האָט זי געמאַכט אַ גרויס געוואַלד, אַז ער איז האַס־טיג ארויסגעלאָפען.

און אויפ׳ן אכטען טאָג האָט מען זי געמאַכט געגעהנען פאַר גאָט אום איהר צו טהון דאָס רעכט.

אַ זיבענמאָל גרעסער געזעמעל, ווי צום פריהערדיגען מאָל, האָט זיך צונויפגעקליבען ארום. רעכטס פון דער פרוי איז געשטאַנען איעזר מיט אַנ׳ אַראָבגעלאָזטען קאָפּ צו דער ערד און לינקס דער כהן. די פרוי איז געווען אָהן דער מניךעסטער קליידונג אויף איהר לייב און בלויז אַ ווייס ליינען-העמד האָט צוגעדעקט איהר נאַקעטקייט, און זי האָט אין די אויגען פון דעם געזעמעל אויסגעזעהן אין דעם דאָזיגען לאַנגען און ווייסען העמד צוויי־מאָל אַזוי הויך אין איהר וואוקס. איהר פּנים אָבער איז געווען זיבענמאָל ווייסער פון דעם העמד.

און דער כהן, אָנגעטהון אין זיין הויב און אינ׳ם חושן און גאַרטעל, האָט געטהון זיין אַרבייט מיט צוגעוועהנטער געשיקליכקייט און אין אַ וואונ־דערליכער פולער רוה: מיט אַנ׳ערדענעם געפעס האָט ער אָנגעשעפּט הייל־ליג וואַסער פון דעם וואַסער וואָס אין דעם געפּעגגניש־הויף און פון דער ערד וואָס אינ׳ם משכן־באָדען האָט ער געגראָבען און אַריינגעטהון אין דעם וואַסער.

דאַן האָט ער אוועקגעשטעלט די פרוי, און זי האָט כמעט נישט געקאָנט שטעהן און האָט זיך געוואַקעלט, דערנאָך האָט ער איהר קאָפּ צעשויבערט

— און כוואַליעס פון אַ האָר־ים האָבען זיך פלוצלינג צעפלייצט און שטור־רעמדיג זיך פונאַנדערגעגאָסען אויף דער ערד, דערגרייכענדיג ביז'ן באָדען און פליסענדיג איבער איהם נאָך אַ דוימען לאַנג. דאָס גאַנצע געזעמעל אָרום האָט געשטוינט איבער דעם בילד. אַזעלכע לאַנגע האָר האָט מען ביז אויף יענעם טאָג נאָך נישט געזעהן אויף אַ פרויען־קאָפּ.

און די פרוי שטעהט און שטרענגט זיך אָן, אַז זי זאָל נישט אומפאַלען, האַלטענדיג אין די הענד דאָס געדענק־אָפּפער פון אייפערזוכט, און ביי איהר זייט שטעהט דער כהן און האַלט אין זיין האַנד דאָס ביטערע פלוך־וואַסער.

און די מענגע שטופּט זיך אַלץ נעהנטער צו דער פרוי און צום כהן און צום מאַן. איעזר שטעהט און קוקט און זיינע אויגען בלאַנדזשען אָרום און פאַלענדיג אַ ווײַלע אויף דעם פּנים פון זיין ווייב, דערקענט ער נישט איהר אָנבליק. שפרה שטעהט מיט אַנ'אַראָבגעהאָנגענעם קאָפּ און איהרע אויגען שטעקען אינ'ם באָדען, זי צוקט נישט מיט קיין וויהע און ווים גאָר־נישט, וואָס דאָ קומט־פאָר. און דער כהן שטעהט שטאָלץ, זיין בליק איז קאַלט און זיין שטים איז דרייסט און קאַלט ביז גאָר, און ער רעדט אויף אַ קול וואַסאַמאַל העבער און העבער:

— „שפרה די טאָכטער פון סרד! איך טהו דיך בעשווערען אצינד און דו הער צו: האָט דיך קיין מאַן נישט בעשלאָפען אויסער דיין אייגענעם מאַן און ביזטו נישט אראָב פון וועג אין אָרומריינקייט הינטער דיין מאַן — בלייב אונגעשאַדט פון דעם דאָזיגען ביטערען פלוך־וואַסער, אויב אָבער דו ביזט אראָב פון וועג הינטער דיין מאַן און דו האָסט דיך פעראומריי־ניגט און האָט דיך עמיץ בעשלאָפען אויסער דיין אייגענעם מאַן — —"

די אומגליקליכע פרוי האָט געפּרובט מיט די פינגער זיך די אויערען פערשטאָפּען, אַז זי זאָל דאָס נישט הערען; איהר געזיכט האָט זיך פער־קרומט, הערענדיג די גרויליהאַפטע ווערטער, אָבער דער כהן האָט רוהיג אויסגעשטרעקט זיין האַנד און אַרויסגענומען איהרע פינגער פון די אויער־רען און זיי אַראָבגעלאָזט, און דאַן האָט ער ווייטער גערעדט, אָבטיילענדיג יעדעס וואָרט בעזונדער און דייטליך אַרויסזאָגענדיג:

— „און — האָט עמיץ — דיך — בעשלאָפען — אויסער — דיין —

איינענעם — מאַן זאָל דיך גאָט מאַכען פאַר א פלוך און א שבועה צווישען דיין פאָלק, זאָל דאָס פאָלק אַרום צוזעהן, ווי עס וועט איינפאַלען דיין דיך און עס וועט געשוואָלען ווערען דיין בויך, זאָל דאָס פלוך־וואַסער קומען אין דיינע געדערים, אַז דיין בויך זאָל אָנשוועלען און דיין דיך זאָל איינפאַלען — און אַצינד ענטפער און זאָג: אמן! אמן!"

עפּעס אַ כראָכלעניש האָט זיך דערהערט פון דער פרוי'ס מויל, הייזעריג און פערהילט, אַז קיין מענש האָט נישט געהערט, וואָס זי האָט געענטפערט. אָבער דער כהן האָט אויף איהר אָנגעשריען און דאַן האָט זי געענטפערט דייטליך אָבער שטיל: אמן!

— „ניין — האָט דער כהן אויסגערופען — זאָג צוויי מאָל „אמן! אמן!"

און די פרוי האָט פליסטערענד געענטפערט, דאָך האָט מען דאַסמאָל איהר שטים געהערט, זאָגענדיג: אמן! אמן!

דער כהן איז דאַן לאַנגזאַם און מיט געמאָסטענע טריט צוגעטרעטען אויסצושרייבען די אַלע פלוך־רייד אויף אַ לעדערנער מגילה און ער האָט די מגילה אַריינגעטהון אין דעם ביטערען וואַסער און דאָס שאַרפע וואַסער האָט איינגעזויגען אין זיך די טינט און זי אָבגעמעקט. דערנאָך איז ער ווידער אַמאָל צוגעטרעטען צו דער פרוי. אָבער די פרוי האָט שוין נישט געוואוסט, וואָס עס טהוט זיך מיט איהר. שווארצע אוי רויטע און בלויע רעדער האָבען זיך געקייקעלט פאַר איהרע אויגען און פייער־פונקען זענען איהר פאַרבייגעפלויגען פאַר'ן פנים, און זי האָט נישט געזעהן און נישט געהערט מעהר קיין וואָרט.

דאַן האָט דער כהן צוגענומען דאָס איפער־אָפּפער פון דער פרוים האַנד און האָט אויפגעהויבען דאָס אָפּפער אין זיינע הענד און פערגלאָצט די אויגען צום הימעל, נאכהער האָט ער אַראָבגענומען דערפון דאָס האַנדפול מעהל, וואָס דאַרף פערברענט ווערען אין פייער און האָט דאָס געדעמפט אויפ'ן מזבח, און דערנאָך האָט ער זיך אַ קעהר געטהון צו נעהמען דאָס וואַסער, וואָס אין דעם ערדענעם געפעס — — —

אין דעם אויגענבליק איז די פרוי אַנידערגעפאַלען הינטערווילעכן און זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד.

דער כהן האָט געפּרובט זי אויפשטעלען און האָט נישט געקאָנט, ווייל ס׳איז אין איהר־מעהר קיין אָטעם פון לעבען נישט געווען.

איעזר האָט זיך פּלוצלינג א וואָרף געטהון אויפ׳ן קערפּער פון דער פרוי און זי אָרומגענומען שרייענדיג מיט א אומענשליכער שטים: אַלע האָבען געזינדיגט געגען דיר, און דו זיי אונז מוחל!״

דאָס געזעמעל איז זיך ביסלעכווייז פונאַנדערגעגאַנגען.

אָבער דער כהן איז געשטאַנען מיט אַנ׳אויפגעריכטען קאָפּ און האָט אויפגעהויבען די הענד צום הימעל, זאָגענדיג: „גאָט האָט געגעבען און גאָט האָט צוגענומען. זאָל גאָט׳ס נאָמען געבענטש זיין!״ דאַן האָט ער זיך אויסגעדרעהט און איז לאַנגזאַם, מיט געמאָסטענע שריט, אַוועקגעגאַנגען.

# די עגלה ערופה

די זאַך האָט פּאַסירט אין ניינאונדרייסיגסטען יאָהר פון די אידישע וואַנדערונגען אין דער מדבר, אין צווייטען חודש פון יענעם יאָהר, נאָכדעם ווי זיי זענען צוריקגעקעהרט פון שלאָגען די פינף קעניגען פון מדין אין דער גרויסער שלאַכט ביי אבל־מחולה. דריי טאָג האָט געפלאַקערט דער קאַמף, פון ערוער וואָס ביים טייך ארנון ביז צום גלעד וואָס ביים יבוק האָט זיך געצויגען, און ערשט אויפ'ן דריטען טאָג קעגען אָוועגד איז געקומען די מפּלה פון די מדינים. די פינף קעניגען פון מדין האָט מען געפאַנגען לעבעדיגערהייט, אוי און רקם און צור און חור און רבע זענען געוועזן זייערע נעמען, און מ'האָט איבער זיי שפּאָט געטריבען א גאַנצע נאַכט, און ווי נאָר עס איז געקומען דער פריהמאָרגען, האָט מען זיי אויפגעהאָנגען און זיי זענען אזוי געבליבען הענגען ביזן אָוועגד. דאַן האָט מען זיך א לאָז געטהון אויף די אַלע, וואָס זענען נאָך איבערגעבליבען פון דעם קריעג, אויף יעדען מאַנסביל, און מען האָט זיי פערטיליגט און דערשלאָגען, נישט איבערלאָזענדיג קיין איינציגען. דערנאָך זענען די קריגער געקומען, פון בלוט פערשיכורטע, אין די פערוויסטע שטעדט און האָבען זיך געוואָרפען אויף יעדען הויז און אויף יעדען פערשטעקטען ווינקעל, ארויסשלעפּענדיג דעם רעשט פון דער ענטרינונג פון אַלע בעהעלטענישען, וואו זיי האָבען זיך בעהאַלטען, יעדען קראַנקען פון זיין בעט ארויס און יעדען אָבגעשטאַנענעם פון זיין ווינקעל און יעדען אַלטיטשקען פון זיין רוה־פּלאַץ און האָבען זיי פאַרטיליגט. און די שטעדט האָבען זיי פערברענט און די לאַגערען צעשטערט און די הויפען צעטרימערט, און אין איין טאָג איז קיין צייכען נישט געבליבען, אז דאָרט זענען אמאָל שטעדט געוועזן. אָבער די ווייבער פון מדין מיט זייערע קינדער און פיה און האָב און פערמעגען האָבען זיי צוגענומען, דאָס גאָלד און דאָס זילבער, דאָס קופּער און דאָס אייזען, דאָס צין און דאָס בליי, אַלצדינג האָבען זיי צוגענומען און אוועקגעפיהרט אין די סטעפּעס פון מואב וואָס ביים ירדן נעבען ירחו.

און דאָס רויב איז געווען יענעם טאָג זעהר גרויס: פיערהונדערט און פינפאונצוואַנציג טויזענד בויגענס, ניינהונדערט און אַכציג טויזענד פייר־לען־טאַשען, און דרייהונדערט און פינפאונפופציג טויזנעד שליידער-פאַ־נען, און אויך די רייטוואָגענס, וואָס זיי האָבען גענומען, זענען געווען זעהר פיעל, אויסער די שווערדען און לאַנצען און שפּיצען. און די צאָהל פון די ווייבער, וואָס זיי האָבען מיט זיך געפיהרט אין געפאַנגענשאַפט, איז געווען דרייהונדערט ואן זעקסאונצוואַנציג טויזענד, אויסער דעם שאָף און רינדער און אייזלען. דאַן האָבען זיי נאָך אויסגעקליבען פון די געפאַנגענע יעדע פרוי, וואָס האָט שוין אַ מאַן דערקענט, און האָבען מיט זיי געשטיפט אַ גאַנצע נאַכט און דערנאָך זיי דערשלאָגען איידער דער פריהמאָרגען איז אויפגעגאַנגען, און עס זענען איבערגעבליבען בלויז די קינדער פון צווי־שען די ווייבער, וואָס האָבען נאָך נישט געקענט דעם ביישלאָף פון אַ מאַן, און זייער צאָהל איז געווען נאָר צוויי־אונדרייסיג טויזענד. — צווישען די דאָזיגע געפאַנגענע, וואָס זענען לעבען געבליבען, איז אויך געווען אַ פּער־צעניעהריג מיידעל, מיט אַ וואונדערליך ווייסער הויט, נאָך כמעט אַ קינד, און איהר נאָמען איז געווען חגלה. די האָר פון איהר קאָפּ זענען געווען זעהר לאַנג, דערגרייכענדיג ביז צו דער ערד, און געקרייזעלט און צוזאַמענ־געדרעהט, אַז זיי האָבען אויסגעזעהען ווי נישט צעקעמטער פלאַקס. ווען די גאַזעלען האָבען זיי געזעהען, האָבען זיי אָנגעהויבען צו לעכצען און דאַן צוגעגאַנגען צו איהר און איהר געלעקט די הענד. און איהר האָלז איז גע-ווען ווי דער האָלז פון אַ קעמעל, לאַנג און אויפגעריכט ביז גאָר, אַז ווער עס האָט איהם דערזעהען האָט זיך אַ ווײַלע אָבגעשטעלט און געקוקט.

די קריעגער זענען נאָך געבליבען זיבען טאָג אויסערהאַלב פון דעם לאַגער, יעדער וואָס האָט אַ מענש דערשלאָגען אָדער ער האָט זיך צוגע־ריהרט צו אַ געפאַלענעם. אויפ'ן דריטען טאָג האָבען זיי זיך גערייניגט און אויפ'ן זיבעטען טאָג האָבען זיי געוואַשען יעדעם לעדער־קלייד און ציגען־פעל, וואָס זיי האָבען אויפ'ן לייב געטראָגען, און ערשט דאַן זענען זיי צו־ריקגעקומען אין לאַגער אריין. און אויפ'ן אַכטען טאָג פריהמאָרגענס האָ-בען זיי גענומען די געפאַנגענע, יעדער די צאָהל געפאַנגענע וואָס ער האָט געבראַכט, און האָבען זיי אַרויפגעפיהרט אויף דעם בארג פסגה וואָס אויפ'ן

צופים־פעלד. דען דאָרט איז געווען דער מאַרק, וואו מ'האָט געפלעגט די געפאַנגענע פערקויפען.

און דאָס פאָלק, וואָס האָט זיך פערזאַמעלט אויפ'ן באַרג פּסגה איז געווען צאָהלרייך ביז גאָר. פון נאָהנט און פון ווייט איז מען געקומען, פון יעזר און פון קדש־ברנע, פון דיבון און פון די־זהב, הונדערטער הונדער־טער מענשען, דען דאָס פאָלק איז אויסגעהונגערט געווען צו די מדינישע מיידלעך, און זיי האָבען זיך געשטופּט איינער דעם אַנדערען און עס איז געווען אַ זעהר גרויסער ליארם און אַ געוואַלדיג געדראַנג. די מיידלעך זע־נען געווען אויסגעשטעלט רייהענווייז, נאַקעטערהייט, און בלויז אַ דינע לייווענט־דעק האָט צוגעדעקט זייער לייב. אַלע ווײלע איז עמיץ צוגעקומען קויפען, און דער כושי, וואָס איז אוועקגעשטעלט געוואָרען ביים פער־קויף, האָט אין יענעם מאָמענט אַראָבגענומען די דעק און האָט געלויבט פאַר'ן קויפער זיין סחורה, די גלידער פון איהר קערפּער און איהרע מוסקו־לען און איהר געשטאַלט און איהר גאַנצען רייץ. די זון האָט געברענט אין הימעל און האָט אַראָבגעשיקט איהרע שטראַהלען אויף דעם גלאַטען נאַ־קעטען לייב און די גלידער האָבען אַ ווײלע געפלאַטערט אינ'ם גאָלדענעם ליכט און געבלישטשעט און געגלאַנצט. איין אויגענבליק האָבען די ליכט־בוואַליעס געציטערט און זיך געבאָדען אין דער פּראַכט פון די ענטפּלעקטע וואונדער פון דער שעהנהייט, באַלד אָבער האָט די דעק צוריק איינגעהילט דאָס מיידעלשע לייב. ביים ראַנד פון די רייהען איז געשטאַנען אויך חגלה, עטוואָס אָבגעקעהרט אָן אַ זייט, און איהרע צעשראָקענע גרויסע אויגען זענען געווען ברייט צעעפענט — געזעהן האָט זי אָבער גאָרנישט. זי איז געווען ווי פערגליווערט, און האָט נישט געוואוסט וואו זי איז און וואָס דאָ קומט־פאָר. אָבער ערשט איצט, ווען זי איז געשטאַנען צווישען איהרע חבר'טעס, האָט מען געזעהען, ווי קליין געוואַקסען זי איז. זי איז נאָך אַ קינד געווען. און דאָך איז אין איהרע אויגען און איהר בליצעדיגען לייב געווען עטוואָס, וואָס האָט געררייצט יעדען מאַנסביל. ווי דער שניי, וואָס אויפ'ן שפּיץ פונ'ם באַרג שניר, אַזוי האָט איהר לייב געבליצט און געגלאַנצט מי־נוטענווייז. און זי איז געשטאַנען פון גאָרנישט וויסענדיג — און נאָר איהרע האָר זענען אַראָבגעפלאָסען ביז צו דער ערד און נאָך איז דער רעשט פון

זיי געווען אויסגעשפּרייט אויפ׳ן באָדען, און זייער פאַרב איז געווען ווי פון צעשמאָלצען גאָלד. בלויז ווען מ׳האָט אראָבגענומען אַ ווײַלע די דעק פון איהר לייב, אָדער ווען עמיץ פון די קויפער האָט אויסגעשטרעקט זיין גראָבע האַנד צו בעטאַפּען איהר נאַקעטען קערפּער, האָט זי אַ קורצע ווײַלע אַ פלאַטער געטהון און האָט האַסטיג צוגעדעקט איהרע ברוסטען מיטביידע הענד — צוויי ווייסע און צאַרטע הענד ביז גאָר — און דעם קויפערס בליק איז דאַן געבליבען רוהען אויף איהרע הענד. אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך אומגעקעהרט איהר פערגליווערטקייט, און אראָבלאָזענדיג די הענד, איז זי געבליבען שטעהן אונבעוועגליך.

אין יענעם אויגענבליק איז אַרויסגעשטיגען אויף די פּסגה דער בהן אליצפן דער זוהן פון עוזיאל דער זוהן פון איתמר. ער האָט זיך אַוועקגע־שטעלט און געקוקט פונדערווייטענס — און פלוצלינג איז זיין בליק געפאַ־לען אויף חגלה׳ן, די קויפערס זענען אַלע גיך אָבגעטרעטען אָן אַ זייט, דען ער איז אַ נשיא און אַ פאָרנעהמער מאַן אין׳ם פאָלק, וועלכער האָט אַ קאַ־מער מיט די שענסטע פרויען פון דעם גאַנצען לאַגער, צוויי מואבישע און איין אמורישע פרוי און דער רעשט יודישע, — זיי האָבען דעריבער גע־וואוסט, אַז זיי וועלען זיך איהם נישט קענען אַקעגענשטעלען און קאָנקו־רירען מיט איהם ביים איינקויף. אליצפן איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען און דער קנעכט, דער כושי, האָט פונאַנדערגענומען די דעק פון ביידע זייטען — און דער נשיא האָט קיין וואָרט נישט געזאָגט. נאָר זיינע אויגען האָבען זעהר געבלישטשעט און זענען גרין געוואָרען, און די אָדערען פון זיין שטערען זענען פלוצלינג אויפגעשוואָלען אונטער דער הויט. בלויז נאָך איין אויגענ־בליק האָבען זיינע אויגען געפּאָרשט איהר האַלז און איהר נאַקען און דעם געבוי פון איהר געניק ביז צו די לענדען — און דאַן האָט זיך אויף זיינע ליפּען דאָס שפּייעכץ בעוויזען. פלוצלינג האָט ער גענומען און האַסטיג בע־צאָהלט דעם פּרייז, הונדערט און זעכציג זילבערנע שקלים, און ער האָט זי צוגענומען און איז אַוועקגעגאַנגען. געהענדיג האָבען זיינע פיס זיך עטוואָס געוואַקעלט.

און אַ געוואַלדיגע מענגע האָט אראָבגענידערט פון דעם באַרג גאַנצע

מחנות זענען געגאַנגען, יעדער מיט זיין איינקויף, און דער טומעל איז גע-
ווען זעהר גרויס.

און ביי דער זייט פונ׳ם בארג איז געשטאַנען אַ כהן אויף אַ צווייג
פון אַ בוים גערעדט אויף אַ קול צו דעם געזעמעל. זיין שטים האָט געהילכט
פון איין עק לאַנגער ביז צום אַנדערען עק, און ס׳מאָל האָט זיך עמיץ פון
דעם געזעמעל אָבגעשטעלט אַ ווײַלע און צוגעהערט:

—„ווען דו וועסט ציהען אין קריעג געגען דיינע פיינד און דער הערר,
דיין גאָט, וועט זיי איבערגעגעבען אין דיינע הענד און דו וועסט נעהמען
פון זיין געפאַנגענע, און דו וועסט זעהן צווישען די געפאַנגענע אַ שעהן
ווייב און דו וועסט זי געלוסטען און זי דיר נעהמען פאַר אַ ווייב — זאָלסטו
זי ברענגען אין דיין הויז אריין, — און זאָל זי דעם קאָפּ אָבשערען און די
נעגעל אָבשניידען און אויסטהון די קליידער, וואָס אין זיי איז זי געפאַנ-
גען געוואָרען".

מענשען זענען אוועקגעגאַנגען און מענשען זענען אָנגעקומען. מאַנכע
זענען פאַרביי־געגאַנגען און גאָרנישט געמערקט, מאַנכע האָבען זיך אָבגע-
שטעלט און צוגעהערט. דער כהן אָבער האָט ווייטער גערעדט:

„— און זי זאָל זיצען אין דיין הויז און בעווײַנען אַ חודש לאַנג איהר
פאָטער און איהר מוטער; דערנאָך זאָלסטו קומען צו איהר און זי בע-
מאַנען און זי זאָל דיר זיין אַ ווייב — —"

מענשען האָבען פערקעהרט און זענען אוועק, און ניע מענשען זענען
געקומען.

„— און ווען דו וועסט אָבער נישט האָבען קיין לוסט צו איהר —
זאָלסטו זי ארויסלאָזען, וואוהין זי וויל, אָבער דו זאָלסט זי נישט פאַר געלד
פערקויפען, ווייל דו האָסט זי געקוועהלט — —"

און דאָס פאָלק פערקעהרט און געהט אוועק.

און אויך אליצפן דער זוהן פון עוזיאל נידערט אראָב פונ׳ם בארג
און געהט לאַנגזאַם און נעבען איהם געהט דאָס מיידעל, אָבער זיינע ליפּען
האָבען זיך זעהר פערקרומט. נאָך אַ גאַנצען חודש צייט — אויף זיין שלייף
האָט זיך פלוצלינג בעוויזען אַ בלויער גראָבער אָדער, וואָס איז שטייף גע-
וואָרען ווי אַן׳אייזערנע שנור, געהענדיג האָט ער געהאַלטען זיין שטעקען

אין דער האנד — פלוצלינג האָט ער צאָרניג אויפגעהויבען דעם שטעקען אויף א פערצוויִיגטען ווילדען פייגענבוים, וואָס איז געשטאַנען אויפ׳ן וועג און ער האָט א קלאַפּ געטהון מיט קראַפט, אַז ס׳האָט א ווײַלע אָבגעהילכט ארום א מעכטיגער קנאַל, דער בוים האָט זיך איינגאַנצען א טרייסעל געטהון מיט א גערויש, און די יונגע צווייגען זענען אראָבגעפאַלען אויף דער ערד.

*

ווי א פערחלומטע איז זי געזעסען איינע אליין אין דער קאַמער וואָס אינ׳ם ווינקעל פונ׳ם געצעלט, און איהרע אויגען האָבען נאָר געקוקט גלייך פאַר זיך און געקלעבט אָן די ציגען-טעפּיכער, וואָס האָבען צוגעדעקט די זייטען פון דער קאַמער. זי האָט מורא געהאַט זיך א ריהר צו טהון פונ׳ם אָרט אָדער צו בעוועגען א האַנד אָדער א פוס. בייטאָג האָט דאָס ליכט אריינגעדרונגען פון דרויסען דורך דעם פענסטערעל און אויך פאַקעלען זענען געשטאַנען אין קרוגען און האָבן געלויכטען, אָבער אויף איהרע אויגען איז געלעגען א גרויסע און טיעפע פינסטערניש, און זי האָט גאָרנישט געזעהן. דער פלאַם פון די פאַקעלען האָט שטיל געציִשעט, און זי האָט נישט געהערט. די ווענד ארום זענען איהר אַזוי פרעמד, און דער באָדען איז פרעמד און דער באַלקען, און יעדער־נאָגעל און יעדער האַק איז איהר פרעמד געווען. מאַנכע מאָל האָט זי זיך גענומען מוט און איז א ווײַלע אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען און אָנגעטאַפּט מיט א פינגער א העקעלע אָדער א שלייף, אָבער באַלד האָט דער פינגער מיט א ציטער זיך צוריק־געצויגען, און דאָס מיידעל האָט זיך דערשראָקען און איז גיך צוריקגע־קעהרט און זיך אַוועקגעזעצט אויף איהר אָרט. אָבער בייגאַכט, ווען ארום און ארום איז געשטאַנען די פינסטערניש ווי א מויער, אַז מ׳האָט זי מיט די הענד געקאָנט אָנטאַפּען, איז איהר פּלוצלינג ליכטיג געוואָרען איז איהר געמיט און זי האָט געזעהן פונדערווייטענס. זי פלעגט דאַן מיט א געוואַל־דיגער לוסט שליסען די אויגען און קוקען: —

אָט איז א גרויסער ווייטער סטעפּ. קליינע הייזעלעך זענען צעשפּרייט איבער׳ן פעלד און די זון גליהט. ס׳איז קיין געוויקס און קיין געשטרויען

נישטאָ, און נאָר אַ איינזאַמער דאָרן קוקט אַרוים פון אַ פעלזען־שפּאַלט. פאַרוואָס עפּעס דערמאָהנט זי זיך איצט אָן דעם דאָזיגען דאָרן? — און זי מיט דעם קליינעם יובב לויפען איבער'ן פעלד האנד ביי האנד. און זי איז נאָך אזא קליינע, אינגאַנצען פינף יאָהר אַלט, און דאָס יונגעל איז עט־וואָס עלטער פון איהר. וואוהין זיי לויפען ווייס זי נישט, אָבער קיין פאָטער און קיין מוטער האָט זי דאָך נישט, און עס איז איהר גאָרנישט מעהר גע־בליבען אין דעם גאַנצען ווייטען סטעפּ אויסער דעם דאָזיגען קליינעם יובב. און שפּעטער איז זי שוין אַ גרויסע, אַכט יאָהר איז זי שוין אַלט אָדער ניין, און נישט דעם סטעפּ זעהט זי איצט פאַר זיך, נאָר דעם פּלוין. אָט איז דאָסביידעל. אָט זענען די גרינע בוימער וואָס פאַר דעם ביידעל. אָט איז דער שטיין, וואָס זי זיצט אויף איהם. און אויפ'ן שטיין אַקעגענאיבער זיצט יובב און רעדט. פאַרוואָס דערמאָהנט זי זיך איצט גראָד אָן דעם דאָזיגען שטיין? און פלוצלינג זעהט זי שוין נישט דעם פּלוין, נאָר די גרינע לאָנקע, וואָס ביים אָבהאַנג פונ'ם באַרג. דאָס גראָז איז צוגעקלעבט צום באַרג, און עס איז אַזוי גרין און די שאָף פּיטערט זיך. און יובב ליגט אויפ'ן גראָז צווישען די שאָף, און אויך זי ליגט אויפ'ן גראָז צווישען די שאָף. דאַן כאַפּט זי פלוצלינג אַרום אַ שטיפערישע שטימונג, און זי וואַרפט זיך אויף איהם אומגעריכטערהייט און טוליעט זיך צו איהם און פרעסט איהם צו צו איהר האַרץ, און ער טהוט זי נאָר קושען, קושען, קושען... וואו זענען איצט די שאָף? — — —

ווי אַ פערחלומטע איז זי געזעסען אין דער קאַמער, וואָס אינ'ם ווינ־קעל פונ'ם געצעלט. אָבער אויפ'ן דריטען טאָג פריהמאָרגענס איז געקומען די דיענסט, וואָס אליצפן האָט בעשטימט זי צו בעדיענען, און איז געפאַ־לען פאַר איהר אויפ'ן פּנים צו דער ערד.

— מיין האַרינטע!

חגלה איז אויפגעציטערט, דערהערענדיג דאָס דאָזיגע וואָרט.

אָבער די דיענסט האָט צוגעגעבען: — מיין האַרינטע! צי ווילסטו נישט איצט אָבגאָלען דיין קאָפּ?

און נישט וואַרטענדיג אויף קיין ענטפער, האָט זי גענומען שטיל איהר שעהר און גאָלמעסער און אַלעם אַנדערע געשיר, און אין אַ מינוט אַרום

האָט זי דורכגעפיהרט דאָס גאָלמעסער איבער'ן קאָפּ פון דעם מיידעל. די האָר האָבען אָנגעהויבען ביסלעכווייז אראָבצופאַלען אויף דער ערד. גאַנצע לאָקען זענען אונטערגעשניטען געוואָרען, גאַנצע צעפּ זענען אראָבגעפאַלען. אַ גרויסער הויפען געלייטערט גאָלד איז געלעגען אויף דער ערד. חגלה האָט אראָבגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד. דאָן האָבען איהר פּלוצלינג גענומען פליסען די טרעהרען פון די אויגען, זיי זענען געפלאָסען פּאַמעלעך, און זי האָט זיי נישט אָבגעווישט. אַז מ'האָט נאָכגעפאָרשט דאָס געוויכט פון די האָר, האָבען זיי געוואויגען דרייהונדערט און פינפאונזיבעציג שקלים לויט דעם געוויכט פון דער געמיינדע.

און אויפ'ן פינפטען טאָג איז געקומען די דיענסט און מיטגעבראַכט איהרע מעסערלעך און קאַנען און צוואַנגלעך און שאָלען און איין לוג אייל, זאָגענדיג: „מיין הארינטע! צי וועסטו נישט איצט בעפעהלען דיר די נעגעל צורעכטצומאַכען?" און זי האָט גלייך אָנגעהויבען זיי צורעכטמאַכען. די ראַנדען פון די נעגעל האָט זי געמאַכט לאַנג און שמאָל און זייערע שפּיצען פון אויבען שאַרף און וויים, און דאָס ווייסע אונטער די נעגעל-וואָרצלען איז געווען דין און צעשוואומען. דאָן האָט זי זיי בעשמירט מיט אייל און בעמאָלט מיט דורכזיכטיגע רויטע פאַרב און ארויפגעטהון דערויף שמינקע פון אַמבער-געווירץ.

אויפ'ן זיבעטען טאָג האָט די דיענסט פון איהר אראָבגענומען די קליידונג פון איהר געפאַנגענשאַפט, דעם זאַק מיט'ן שטריק, און זי אָנגעטהון אין פּראַכט-קליידער: אַ העמד און אַ געקעסטעלט אויבערהעמד און אַ בונט-געשטיקטען ראָק און אַ זילבערנעם גאַרטעל.

און אין אָוועגד איז געקומען אליצפן.

צום ערשטען מאָל האָט חגלה זיך צוגעקוקט צו זיין געשטאַלט און געזיכט: ער איז געווען ריעזענהאַפט, הויך און שווער און ברייטלייביג, אַז אַז זי האָט איהם דערלאַנגט בלויז עטוואָס העכער איבער דער העלפט. אָבער קוקענדיג אויף זיין געזיכט, האָט זי זיך דערשראָקען: זיינע נאָזלעכער זענען געווען שטאַרק אויפגעבלאָזען און האָבען זיך געטרייסעלט, און אין זיינע אויגען האָט געפלאַמט אַ פייער וואָס האָט זי אויפגעשוידערט. ווען ער איז צוגעטרעטען צו איהר און האָט אָנגענומען איהר האַנד, האָט זי

צונעפרעסט געוואַלדיג די ליפּען אום ניש צו שרייען אויף אַ קול פון דעם גרויסען וועהטאָג, וואָס האָט איהר פערשאַפט דער דרוק פון זיין קרעפטי־גער האַנד.

און פון דאַמאָלס אָן פלעגט ער קומען יעדען טאָג, און מאַנכע טעג צו דריי, פיער און פינף מאָל איבער׳ן טאָג — און ער פלעגט יעדעסמאָל רע־דען אָהן אויפהער:

„צי האָט זי אַ פאָטער, וואָס זי זאָל איהם בעוויינען אַ חודש צייט?" — און דאָס מיידעל האָט שווייגענדיג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ: „ניין". — „צי בעוויינט זי איהר מוטער?" — אַ שטילער שאָקעל מיט׳ן קאָפּ: — „ניין". — „צי האָט זי אַ געליעבטען, וואָס פאַר איהם איז זי געווען בע־שטימט, און איהם טהוט זי איצט בעוויינען?" — „מען האָט דאָך מיין יובב׳ן דער׳הרג׳עט פאַר מיינע אויגען!" — האָט פּלוצלינג דאָס מיידעל אויסגעשריען מיט אַ געוואַלדיג קול.

אַליצפן האָט אויפגעהויבען די אויגען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטען און האָט אין ערשטען אויגענבליק נישט געוואוסט, וועמענס שטים דאָס איז. ער האָט געשטוינט. פון וואַנען האָט זיך צו דעם קליינעם און אָרימען בעשעפעניש גענומען די קראַפט צו שרייען מיט אַזאַ קול? פון וואַנען האָט זיך צו איהר גענומען אַזאַ שטאַרקע און מעכטיגע שטים? ווען ער האָט אַ קוק געטהון אין איהר פּנים אַריין און דערזעהן איהרע אוי־גען, האָט ער אָנגעהויבען צו ציטערען פאַר איהר.

אָבער דעם טאָג דערויף איז ער געקומען און האָט זיך אָנגענומען מיט מוט: — „זאָל זי דאָך פערגעסען יענעם יונגענמאַן. די טויטע וועלען דאָך מעהר נישט לעבעדיג ווערען. און ער וועט צו איהר זיין אַ פאָטער און אַ פריינד און אַ מאַן, בעסער פון צעהן חתנים..."

דאָס מיידעל, וואָס האָט תמיד געשוויגען, איז פּלוצלינג בערעדעוודיג געוואָרען, און גערעדט האָט זי, אַז זיינע אויערען האָבען אַזעלכעס קיינ־מאָל נאָך נישט געהערט. ווי דער שטראָם פון אַ פלייצענדען געוויסער האָ־בען געשטורעמט די ווערטער און זי האָט זיי מעהר נישט געקאָנט אין זיך איינהאַלטען. אָבער זיינע אויערען האָבען בלויז איינס געהערט: „זי וועט קיינמאָל נישט געהערען צו קיין אַנדערען, קיינמאָל וועט זי נישט ערלויבען

עמיצען אַנדערש זי אַנצוריהרען, זאָגאר ווען ער וועט זי אויף צעהן שטיק צעשנײַדען. מיט איהרע לאַנגע נעגעל וועט זי איהם די אויגען אויסשטעכען. מיט איהרע שפּיציגע פינגער וועט זי איהם דעם האַלז דורכלעכערען און דערשטיקען״ . . .

אליצפן האָט נישט געקאָנט איינהאַלטען דעם לייכטען שמייכעל, וואָס האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען. דאָס גאַנצע בילד און איהר געוואַל־דיגער גרימצאָרן האָבען איהם אַנגעהויבען צו מאַכען שפּאַס. דאָס דאָזיגע קליינע און שמאַכטיגע מיידעל, וואָס מיט איין פינגער קאָן ער זי בעהערשען און טהון מיט איהר וואָס זיין האַרץ גלוסט, וועט גאָר מיט איהם אַ קאַמף פיהרען!

און פּלוצלינג האָט זי שטיל אַ זאָג געטהון: „— או אויב ער וועט פּאָרט זיין שטאַרקער פון איהר און זי וועט איהם נישט קאָנען בייקומען, זאָל ער אָבער וויסען, אז קיין גאַנצען מעת־לעת דערנאָך וועט זי נישט לע־בען״. ווען ער האָט אַ קוק געטהון איהר אין די אויגען אריין, איז ער פער־ציטערט געוואָרען.

און דאַן האָט זי ווייטער געזאָגט: „וואָס וועט איהם ארויסקומען ווען ער וועט איהר לייב בעצווינגען? עס איז דאָך פּאָרט נישט מעהר ווי פלייש, אָבער איהר זעל וועט קיינמאָל צו איהם נישט געהערען״.

און אומגעריכט האָט זי ווידער אַ זאָג געטהון: „זאָל ער נאָר וואַר־טען״.

און טאָג־איין טאָג־אויס, ווען עס איז געקומען דער אָוונט, האָט ער פערקעהרט צו איהר אין געצעלט. האָט ער צו איהר גערעדט צערטליך און זיך געבעטען ביי איהר — האָט זי איהם געענטפערט האַרט און שאַרף; האָט ער מיט איהר גערעדט פרעך און בעפעהלעריש — האָט זי געוויינט פאַר איהם און זיך געבעטען ער זאָל זי צורוה לאָזען; האָט ער געפּרובט זי איינגעהמען מיט זיסע רייד און ליסטיגקייט — האָט זי איהם אָבגעווענדט מיט אויפריכטיגקייט און עהרליכע ווערטער; האָט ער געוואָלט מיט קראַפט און שטאַרקער האַנד זי בעצווינגען — איז זי פּלוצלינג געוואָרען ווי אַ קליין לעמעלע און האָט איהם אָבגעהאַלטען. אזוי איז אריבער אַ טאָג און אַ וואָך, און צוויי וואָכען און דריי. באַלד וועט אויך מיידען דער חודש,

וואָס איז איהר בעשטימט לויט'ן געזעץ. אָט איז שוין די דריטע וואָך צו ענדע...

און אין ערשטען טאָג פון דער פערטער וואָך האָט ער זיך שוין מעהר נישט געקאָנט בעהערשען. וואָס דאַרף ער א חודש? וואָס דאַרף ער דאָס געזעץ? זי האָט דאָך נישט קיין פאָטער און נישט קיין מוטער, וואָס זי זאָל זיי בעוויינען א חודש לאַנג! — די אָדערען פון די שלייפען זענען איהם אויפגעשוואָלען. אין זיינע אויגען האָט געברענט א ווילד פייער. א פינס־טערער פחד האָט געהערשט ארום און איז געפאַלען אויף יעדען מאַן אָדער פרוי, וואָס האָט זיך ביי זיי בעוויזען.

און די נאַכט איז געווען שטאָקפינסטער. דרויסען האָט געווילדעוועט דער שטורם, און דאָס געוויטער האָט געפייפט פונ'ם בארג אראָב, און עס האָט זיך אויסגעדראַכט, ווי א געהייל. די הינד האָבען געבילט און די פוקסען האָבען געוואָיעט א גאַנצע נאַכט.

און ווען ער האָט זי א נעהם געטהון, האָט זי געוואוסט, אז דאָס־מאָל איז שוין קיין רעטונג נישטאָ. עס איז געקומען דער לעצטער אויגענ־בליק מיט איהרע ווייסע און לאַנגע נעגעל האָט זי איהם צעשניטען די הויט פונ'ם פנים און צעשטאָכען די אויגען — און ער האָט גאַרנישט געפיהלט. מיט איהרע שאַרפע ציינער האָט זי איהם געביסען די הענד, אז בלוט איז גערונען — און ער האָט זיך נישט וויסענדיג געמאַכט. מיט פעסטע הענד האָט זי איהם אָבגעשטויסען פון זיך, ווי זי האָט נאָר געקאָנט — און איהרע הענד זענען דאָך געווען אזוי קליין און שוואַך. און פלוצלינג איז זי אָהנ־מעכטיג געוואָרען. — —

און דער שטורם איז אריבער און דאָס געוויטער האָט אויפגעהערט. די הינד האָבען מעהר נישט געבילט און די פוקסען האָבען אויפגעהערט צו וואָיען. דאַן האָט די לבנה ארויסשפּאַצירט איבער דעם הימעלס־קרייז...

אינדערפריה האָט מען בעמערקט, אז דאָס מיידעל איז פערשוואונדען. מען האָט זי דאַן געזוכט אין דעם גאַנצען געמאַרק און נישט געפונען. דריי טאָג און דריי נעכט האָט מען זי געזוכט, און זי איז געבליבען פערשוואונ־דען — דערנאָך האָט מען זי אויך פערגעסען און מעהר נישט דערמאָהנט.

*

אָבער אין פערציגסטען יאָהר פון די יודישע וואנדערונגען אין דער מדבר, אין דעם ערשטען חודש פון יענעם יאָהר, אין ערשטען טאָג פון דעם חודש, פריהמאָרגענס, האָבען די פּאַסטוכער, פיטערענדיג זייער פיה אין פעלד צווישען עטרות און דיבון, געפונען אַ מענשליכען קערפּער, וואָס איז געלעגען אין פעלד צווישען די געשטרויכער, אַ קליינע שטרעקע לאַנד ביז דעם ברעג פונ'ם יבוק־טייך. דאָס לייב איז געווען אינגאַנצען צעריבען, אַז מ'האָט מעהר נישט געקאָנט דערקענען די גלידער און דאָס געזיכט, און בלויז מיט מיה האָט מען געקאָנט פעסטשטעלען, אַז עס איז אַ פרויען־קערפּער. נישט אַנדערש, נאָר דאָס וואַסער האָט דעם דאָזיגען קערפּער אַרויס־געשפּיגען נאָכדעם, ווי ער איז לאַנגע חדשים אין טייך געלעגען.

און ווען די נאַכריכט איז דורכגעלאָפען דורך די מחנה, איז אויפגע־ברויזט געוואָרען די גאַנצע געמיינדע. אָט איז פאַרהאַן אַ געהרג'עטער אין פעלד און קיינער ווייס נישט, ווער עס האָט איהם דערשלאָגען. דאַן זענען געקומען די שוטרים און די שופטים פון יעדען ווינקעל, און האָבען אָנגע־הויבען די זאַך צו פאָרשען. דריי טעג האָבען זיי געפאָרשט, אָבער קיין מענש האָט עס נישט געזעהן און קיין מענש האָט נישט געוואוסט, און מ'האָט די אויספאָרשונג אָבגעשטעלט. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען אַ גרויסע בעווע־גונג: עס זענען אָנגעקומען די זקנים פון די שטעדט, וואָס זענען נאָהנט צו דעם אָרט, וואו עס איז געלעגען דער געהרג'עטער, און צוזאַמען מיט זיי זע־נען געקומען די כהנים און די פיעלע לויים־שילער, וואָס גאָט האָט זיי אויסגעוועהלט צו טהון זיין דיענסט און צו בענשען אין זיין נאָמען. און עס האָבען געמאָסטען די זקנים די שטרעקע ביז די פיעלע קליינע שטעדט פון אַרום, מיט אַ נייעם פלאַקס־שטריק האָבען זיי געמאָסטען ביז יעזר און ביז חשבון, ביז אלעלה און ביז נמרה, ביז עטרות און ביז דיבון, ביז שבם און ביז בעון — ביז אַלע שטעדט פון אַרום. אָבער ביז נבו האָבען זיי נישט געמאָסטען, דען זי איז געווען עטוואָס ווייטליך פון דעם אָרט, וואו דאָס איז געשעהן. אַזוי האָבען זיי געמאָסטען, וואַרפענדיג דעם שטריק יעדעס־

מאָל אין אַנ'אַנדערע ריכטונג, און עס איז זיי אַרויסגעקומען אַלעלה, דען זי איז געווען די נאָהנטסטע פון אַלע שטעדט, מיט דרייסיג איילען נעהנטער צו דעם געהרג'עטען ווי דיבון. און אַז די זקנים פון אַלעלה האָבען דאָס דערזעהען, האָבען זיי גיך געבראַכט אַ יונגע קוה, אַ קאַלב, וואָס איז נאָך קיינמאָל אין דער אַרבייט נישט געווען און האָט נאָך נישט געצויגען קיין יאָך, און זיי האָבען גענומען דאָס קאַלב און עס אַרויסגעפיהרט אויפ'ן וועג, וואָס געהט צום יבוק-טייך, דען ער איז געווען קיזעלהאַפט, וואָס אין זיין אומגעבונג ווערט דער באָדען נישט בעאַרבייט און נישט בעזייהט. און די פרויען זענען אַרויס פון אַרום און בעציהרט דאָס קאַלב מיט שמוק, איינהילענדיג איהם אין אַ ווייסער דעק, וואָס פיער פיאָלעט-פראַנדזען זע־נען אַראָבגעהאָנגען פון אַלע איהרע פיער עקען און אַ פורפור־באַנד האָט אַרומגענומען דעם האַלז פון דעם קאַלב, און צוויי לוויים־שילער, איינער פון דער זייט און איינער פון דער זייט, האָבען געפיהרט דאָס קאַלב, און עס האָט געבלעקעט אַ גאַנצען וועג. מ'האָט איהם אַלע ווייַלע געגעבען אַבי־סעל גראָז צום עסען, אָבער עס האָט נישט אויפגעהערט צו בלעקען. דאַן זענען זיי געקומען ביז'ן ברעג פון דעם טייך, און די כהנים, וואָס זענען שוין דאָרט געשטאַנען און געוואַרט, זענען האַסטיג אַקעגענגעלאָפען דעם קאַלב און עס אָנגענומען און אַראָבגעגנידערט ביז דעם עקסטען ברעג פונ'ם טייך. און זיבעציג זקנים זענען געשטאַנען אויפ'ן ברעג טייך, פינפאונדרייַ־סיג פון איין זייט און פינפאונדרייסיג פון דער אַנדערער זייט, און אינמי־טען זענען זיבען כהנים געשטאַנען און זייערע פיס האָבען זיך געטונקען אין וואַסער, בלויז דער כהן־גדול איז געשטאַנען אויף אַ שטיין און זיין פנים איז געווען געווענדעט צו דעם געזעמעל. און הינטער די זקנים איז געשטאַנען אַ מחנה לויים, האַלטענדיג אין די הענד קופערנע בעקענס, אָנ־געפילט מיט וואַסער צום וואַשען. דאַן זענען די שוטרים דורכגעצויגען צווי־שען דעם געזעמעל און אויסגערופען דריי מאָל: הייליגט אייך — זייט צו־געגרייט, הייליגט אייך — זייט צוגעגרייט, הייליגט אייך — זייט צוגעגרייט: און דאָס פאָלק האָט געענטפערט: מיר האָבען זיך געהייליגט — מיר זענען גרייט!

אין דעם אויגענבליק איז דאָס קאַלב צוגעפיהרט געוואָרען צום כהן-

גדול. מיט אַ פעסטער האַנד האָט דער כהן אָנגענומען דאָס קאַלב און אין איין מינוט פון איהם אַראָבגעריסען די דעק און דעם האַלז־באַנד. איין אויגענבליק האָט דאָס שלאַכטמעסער אין זיין האַנד אַ פונקעל געטהון אין'ם זונען־שיין איבער דעם קאַלב אָקעגען זיין געניק, און באַלד דערויף איז עס מיט איינמאָל קרעפטיג אַריינגעדרונגען אין'ם געניק פון דעם קאַלב. דאָס קאַלב האָט איין מינוט אַ בלעק געטהון מיט אַ געוואַלדיגער אויסגעצוי־גענער שטים און דערנאָך אַ הייזעריגען לאַנגען זיפץ געגעבען. דאַן איז פּלוצלינג אַ גרויסע שטילקייט איינגעטרעטען — און אַ שטראָם היים בלוט האָט אַ שפּריץ געגעבען אין דער הויך און דאַן גלייך גענומען פליסען אין טייך אריין.

די לויים זענען איז דעם אויגענבליק צוגעשפּרונגען פון דער זייט מיט די בעקענס אין די הענד, און די כהנים און אַלע זקנים האָבען געוואַשען די הענד איבער דעם געקעפּטען קאַלב, און דאָס וואַסער האָט זיך צונויפ־געמישט מיט דעם בלוט-שטראָם און איז צוזאַמען געפלאָסען אין טייך אריין. דאַן האָבען זיי אויפגעהויבען אין הייליגקייט די געוואַשענע הענד און אויפ־געלאָצט די אויגען צום הימעל און געזאָגט מיט אַ הויכער שטים איינער צום אַנדערען „אונזערע הענד האָבען נישט פערגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט און אונזערע אויגען האָבען נישט געזעהען". און איינער דעם אַנדערען האָט געענטפערט אויף אַ קול: „אונזערע הענד האָבען נישט פערגאָסען דאָס דאָזיגע בלוט און אונזערע אויגען האָבען נישט געזעהען". און דער כהן־גדול האָט, גלאָצענדיג מיט די אויגען צום הימעל, געזאָגט: „פערגיב דיין פאָלק ישראל, וואָס די האָסט אויסגעלייזט, גאָט, און לאָז נישט קיין אונ־שולדיג פערגאָסען בלוט צווישען דיין פאָלק ישראל". און זעקס כהנים האָ־בען געענטפערט נאָך איהם: „און עס זאָל זיי פערגעבען ווערען דאָס בלוט!"

און צווישען די כהנים אָן אַ זייט איז געשטאַנען אליצפן דער זוהן פון עוזיאל און זיין פּנים איז געווען עטוואָס בלייך, און אויך ער האָט מיט אויפגעהויבענע אויגען געוואַשען די הענד איבער דעם געקעפּטען קאַלב און זיינע ליפּען האָבען געפליסטערט: „אונזערע הענד האָבען נישט פער־גאָסען דאָס דאָזיגע בלוט און אונזערע אויגען האָבען נישט געזעהען" —

אָבער דיווערטער זענען אָבגעשטאָרבען אויף זיינע ליפּען און מ'האָט זיי נישט געהערט.

אין איין אויגענבליק האָט ער זיך אָבער ערמוטיגט: — עס איז דאָך נישט מעהר, ווי אַנ'עגלה ערופה.

דאָס געקעפּטע קאַלב האָט מען אוועקגעטראָגען און פערברענט, און דעם טויטען קערפּער האָט מען גענומען און בעגראָבען אויפ'ן אָבהאַנג פונ'ם באַרג.

# די עיר־המקלט

ווען די בני־ישראל זענען געקומען קיין עציון־גבר, אין דעם זעקסאונדרייסיגסטען יאָהר פון זייערע וואַנדערונגען אין דער מדבר, האָט זיך בעוויזען אין דער מחנה אַ יונג מיידעל, קליינגעוויקסיג און מאָגערלייביג, וואָס אַז עמיץ האָט זי געזעהן און איז אוועקגעגאַנגען פון איהר, האָט ער מעהר נישט געדענקט איהר געשטאַלט און אויך נישט איהר אויסזעהן און קיין זאַך נישט. בלויז איהרע אויגען האָט ער געדענקט און זיי האָבען געשוועבט פאַר איהם. ער האָט געוואוסט, אַז זיי זענען גרויס ווי צוויי פיסטאַציען-נים און שוואַרץ ווי דער אָבגרונד פונ׳ם אַרנון און פלאַקערדיג ווי דאָס פייער פונ׳ם מזבח וואָס פאַר׳ן אוהל־מועד. קיין מענש האָט נישט געוואוסט, ווער זי איז און פון וואַנען זי איז געקומען. ווי אַ שטורמישער צוגווינד האָט זי זיך אַריינגעריסען אין די מחנה פּלוצלינג אין אַ פריהמאָרגען צוזאַמען מיט די וואַכטעל־פייגעל, און מ׳האָט בלויז געוואוסט איהר נאָמען, אַז זי הייסט נועה. און האָט זי עמיץ אַמאָל געפרעגט וועגען איהר פאָטער אָדער וועגען איהר מוטער, פלעגט זי ענטפערען! מיין פאָטער איז די מדבר און מיין מוטער איז דער סטעפּ — און זי האָט דערביי זיך צעלאַכט אויף אַ קול, אַז איהרע ווייסע צייהן האָבען אַ ווייל׳ע אַ שימער געטהון ווי אַ בליץ, וואָס צעפלאַקערט זיך פּלוצלינג, און זי האָט אַ קלימפּער געגעבען מיט די גרויסע רינגען וואָס אין איהרע אויערען און אין אַ מינוט אַרום איז זי אַנטלאָפען און פערשוואונדען. און די יונגעלייט און די קינדער פון דעם יודישען אַדעל און יעדער מאַן אַרום האָבען וועגען איהר וואונדער דערצעהלט: פאַלט איהר בליק אויף אַ מאַן, ווערט אויף דעם אָרט פונ׳ם לייב ,וואו איהר אויג האָט גערוהט, אַ בראַנד־וואונד, און גיט זי אַ הויך מיט איהר אָטעם, איז עס ווי די הייסע גלות פון דעם ווינד, וואָס קומט פּלוצלינג אָן פון דרום־זייט, און ריהרט איהר האַנד אָן, די האַנד פון אַ מאַן, ווערען זיינע מוסקולען אין איהם ווי אַ פליעצענדער פייער־

שטראָם. און ווירקליך איז דאָס מיידעל געווען, ווי די מדבר: איהר פּנים איז געווען ווי קופּער, וואָס איז אָבגעברענט פון דער זונען-היץ, איהר גע־ביין איז געווען ווי צעגליהטע שפּיציגע פעלזען, און ווילד איז זי געווען ווי דער ווינד, וואָס פליהט־אָן פון צפון־זייט. אָבער ווי דאָס טרוקענע פעלד צווישען פּארן און תפל, אַזוי האָט דאָס מיידעל געדורשטעט טאָג און נאַכט נאָך אַ פּאָר טראָפּען טוי — און זי האָט געוואַרט...

אין יענע ווייטע צייטען האָט די זון געגליהט זיבענמאָל הייסער ווי איצט, און די מדבר איז געווען זיבענאונזיבעציג מאָל פירכטערליכער און גרעסער ווי איצט, און אויך די ליעבע איז געווען מיליאָנען מאָל מעכטיגער און שטורמישער ווי איצט.

אין אַ שפּאַלט פון אַ הייל איז געבוירען געוואָרען די קליינע נועה מיט פערצעהן יאָהר צוריק, אינ׳ם צווייאוןצוואַנציגסטען יאָהר זינט דעם, ווי די אידען זענען אַרויס פון מצרים. זיי האָבען דאַמאָלס געלאַגערט אין רמון־פּרץ. און נישט מיט קיין מעסער האָט מען איהר דעם נאָפּעל אָבגעשניטען, נאָר מיט אַ שאַרפען שטיין. איהר מוטער איז געווען אַ וועשערין און איהר פאָטער — אַ האָליץ־קלויבער, און ער פלעגט אויפקלויבען אין פעלד רויטע טרויבען און זיי אויסקוועטשען אין אַ לעפעל וואָס ער האָט זיך געמאַכט און האָט יעדען טאָג געטרונקען דעם זאַפט פון די ווילדע יאַגדעס. און אין קברות-התאוה זענען געשטאָרבען דער מאַן מיט דער פרוי אין איין טאָג, אינ׳ם טאָג פון דער גרויסער פּלאָג, ווען זיי האָבען געגעסען פון די וואַכ־טעל־פייגעל צעהן הויפענס. דאָס מיידעל איז דאַן געוואַקסען און קיינער האָט נישט געוואוסט, ווער עס האָט זי אויפגעצויגען. ווער ערציהט דען די שווארצע קאַץ און די ווייסע אַנגאָרא וואָס אין דער מדבר? ווי דער דאָרן אין פעלד איז זי געוואַקסען און ווי די שלאַנג אין דער נאָרע ביי די זומ־פּען. אינ׳ם הויף פון דעם געצעלט און ביי דער שוועל פון דער טיר, וואו זי האָט איין נאַכט גענעכטיגט, האָט זי מעהר נישט גענעכטיגט איז דער צווייטער נאַכט, און פון דעם ברויט, וואָס עמיץ האָט איהר איין טאָג גע־שאָנקען, האָט זי נישט מעהר געגעסען אויפ׳ן צווייטען טאָג. פלעגט זי געפינען עטוואָס מן אויפ׳ן פעלד און עטליכע קאָריאַנדער־קערנער און אַ פּאָר אונרייפע טרויבען, האָט זי דערפון געגעסען און נאָך איבערגעלאָזט

— און איז תמיד פרעהליך געוועזן. זי איז נאָך נישט אַלט געוועזן קיין גאַנ־צע צוועלף יאָהר, כמעט נאָך גאָר אַ קינד, ווען אַ מאַנסביל האָט זי אויפ'ן פעלד בעגעגענט און זי געכאַפּט און געפּייניגט — און עס איז זי גאָרנישט אַנגעגאַנגען. ווי דער שטויב־ווירבעל אונטער'ן ווינד האָט זי זיך געקייקעלט איבער די גאַסען פון איין לאַגער צום אַנדערען, פון איין וואוינפּלאַץ פון די בני-ישראל, צום אַנדערען וואוינפּלאַץ.

ווען זי איז אָנגעקומען קיין עציון־גבר, איז זי געווען אַ קליינינקע און מאָגערלייביגע און האָט נישט געבראַכט מיט זיך מעהר, ווי די אויגען. אָבער איו דריי חדשים אַרום איז זי פּלוצלינג אויפגעוואַקסען און שעהן געוואָ־רען. כמעט איבערנאַכט איז עס געשעהן. אָוועגדם האָט זי זיך געלעגט שלאָ־פען אָהן געשטאַלט און אָהן פאָרם, און אינדערפריה איז דאָס פערצעהניעה־ריגע מיידעל פּלוצלינג געווען שוין אַ גענצליך אויסגעפאָרעמטע דערוואַק־סענע פרוי. עפּעס אַ נעפּעל האָט זיך פערצויגען איבער איהרע מאַנדעל־פאָרמיגע אויגען, וואָס האָט ווי פאַרהאַנג פונאַנדערגעשיידט צווישען דעם צושויער און דעם פערבאָרגענעם גלאַנץ, און איהרע אויגען זענען פּלוצלינג געוואָרען ווי שטענדיג פערחלומטע. ווער עס האָט זי געזעהן, איז שטעהן געבליבען איבערראַשט. עס איז נישט געווען צו איהר קיין גלייכען אינ'ם גאַנצען געמאַרק פון ישראל און אין דער גאַנצער געגענד אַרום. און די גאַנ־צע מחנה, יונגעלייט און בעיאָהרטע מענער, רייכע און אָרימע, די פאָרנעה־מע לייט און דאָס פּעבעל, האָבען זיך אַלע מאַסענווייז געיאָגט נאָך איהר, און וואו זי איז נאָר געוועזען, האָבען זיי זיך געזאַמעלט אַרום איהר. עפּעס אַ פערשיכורענדער רויש האָט אַרומגעכאַפּט די גאַנצע מחנה. און פון נאָהנט און פון ווייט איז מען געקומען, פון אַלע ווינקעלעך, וואָס די בני-ישראל האָבען דאָרט געלאַגערט. און דאָס מיידעל האָט קיינעם נישט אָבגעזאָגט, אַלע האָט זי דערנעהנטערט צו זיך צוגלייך, אַלע אָהן אויסנאַהם און האָט פון קיין מאַן נישט פערמיטען איהר מיידעלשע גנאָד — און האָט כסדר נאָר געלאַכט אויף אַ קול.

בייטאָג, ווען די זון האָט געברענט, האָט זי געהויערט אויפ'ן פעלד אינ'ם פּלאַקערדיגען זאַמד, שפּיעלענדיג זיך מיט צוויי יונגע שלאַנגען, וואָס זי האָט זיי פערהיימישט. זי פלעגט דאַן ענטבלויזען איהרע ברוסטען און

אוועקגעזעצעצן די שלאנגען אויף איהר לייב, און זיי האבען זיך געוויקעלט ארום איהר ברוסט און איהר קיין בייז נישט געטהון, און זי האט געקוקט אין הימעל אריין אקעגען דער זון, חלומ'דיג מיט אפענע אויגען. און ביי־נאכט אין דער שטאקפינסטערניש איז זי געלעגען אויפ'ן פעלד און נעבען איהר עמיץ פון די יונגעלייט — און עס איז זי גארנישט אנגעגאנגען. די יונגעלייט האט זי געטוישט, ווי א מענש טוישט דאס העמד אויפ'ן לייב — און עס האט זי גארנישט געאהרט. ווי די שווארצע קאץ וואס אין דעם סטעפ און ווי די ווייסע אנגארא, פלעגט זי זיך בעהעפטען מיט איהר פאר, ווי עס האט זיך נאר געמאכט, און זי האט פון קיין בייז נישט געוואוסט און קיין אונרעכט נשיט געזעהן — און האט כסדר נאר געלאכט אויף א קול.

בייטאג, ווען די היץ ארום האט געבאקען ווי אנ'אויוועז, איז זי גע־זעסען אויפ'ן פעלד, ביז זי איז אין חלשות געפאלען, און אפטמאל האט זי פלוצלינג א לוסט ארומגעכאפט אויף א ווײלע און זי האט גיך אויסגע־טהון אלע איהרע קליידער און זיי אוועקגעשליידערט ווייט פון זיך, בלייז־בענדיג זיצען אויפ'ן פעלד נאקעט ווי אין איהר געבוירען־טאג. און דאן פלעגט זי טיילמאל ווידער נעהמען איהרע לאנגע האר, וואס האבען איהר ביז צו די קניה דערלאנגט, און זיי צונויפוויקלען אין א קנויל, צודעקענדיג דערמיט איהר גאנץ לייב, און עס האט זיך אויסגעדאכט ווי א געדיכטע וואלקען־שיכט וואלט צוגעדעקט די זון. אבער ווען עס איז געקומען די נאכט, האט זי זיך אויסגעוועהלט עטליכע פון איהרע לעבהאבער און זיי פלעגען נאכגעהן נאך איהר זאלבענאנד אדער זאלבעדריט — און עס האט זי גארנישט געאהרט. ווי א וועלפין אין דער מדבר האט זי געהונגערט נאך רויב — און נאר זי האט געלאכט אויף א קול.

בייטאג, ווען די בלויקייט איז געשטאנען אין דער מיט פונ'ם לויטע־רען הימעל, פלעגט זי אראבנידערען צום ארנון־טייך זיך באדען, און אויס־געהענדיג פונ'ם וואסער א קלארע און אינגאנצען פעררויטעלט, פלעגט זי זיך אוועקשטעלען נאקעטערהייד פאר'ן טייך און קוקען אויף איהר בילד, וואס האט זיך אבגעשפיגעלט אינ'ם וואסער און זי האט זיך נישט געקאנט זאט קוקען. זי האט דאן געוואוסט, אז זי איז די שעהנסטע פון אלע פרויען,

וואָס זענען ווען עס איז אויף דער ערד געווען. און טיילמאָל האָט אין איהר פלוצלינג א געוואַלדיגע לוסט אויפגעפלאַקערט אַנידערצוקניהען און אויסצוקושען אין דעם וואַסער-שפּיגעל איהר גאַנץ לייב און אַלע איהרע גלידער און אַלע מוסקולען. אָבער ווען עס פלעגט קומען די נאַכט, פלעגט זי פערטרייבען פון זיך די אַלע רייכע און אַדעליגע זיהנדלעך און די הויכגעשטעלטע לייט, וואָס זענען איהר נאָכגעלאָפען, און זי פלעגט זיך אויסוועהלען גראָד יונגלעך פון'ם פעבעל, יעדען פלאַטער־קאָפּ און לעדיג־געהער און יעדען אָבגעריסענעם און אָבגעשליסענעם, גאָר א גרויס געזעמעל, און זיי מיטנעהמען מיט זיך — און זי איז דערביי זיבענמאָל אַזוי פרעהליך געווען. ווי אַ שטורמישער וואַסערפאַל, וואָס רייסט זיך באַרג־אַראָב, אַזוי האָבען אין איהר די געבליטען געשריען און זי געצויגען נאָר באַרג־אַראָב, באַרג־אַראָב — — און זי האָט כסדר נאָר געלאַכט אויף אַ קול.

און די טעג זענען געווען וויסט און די נעכט זענען געווען שטורמיש, מאָהלצייטען און פערוויילונגען און שטיפערייען, און נאָר מינוטענווייז, ווען זי איז אַליין געבליבען און קיין מאַן איז מיט איהר נישט געווען, איז דאָס געלעכטער פערגליווערט געוואָרען אויף איהרע ליפּען און זי האָט פלוצלינג אָבגעזיפצט. דאָס זיידענס און דאָס בונטע צייג און די האַנד־קייטעלעך, וואָס זי האָט אין געשענק בעקומען פון איהרע ליעבהאָבער און דער באַלדאַכין, וואָס זיי האָבען איהר געמאַכט, זענען איהר עקעלדיג געוואָרען. אַלע איהרע יונגעלייט און ליעבהאָבער זענען איהר לעסטיג געוואָרען. זי האָט דאַן גענומען דעם גרויסען אָניקס־שטיין, וואָס זי האָט בעקומען פון קנז, דעם זוהן פון דעם נשיא איבער'ן שטאַם בנימין, און האָט איהם אַרויסגעוואָרפען דרויסען. און די ברוסטשילד פון איהר וועסט, וואָס אלידד, דער זוהן פון דעם נשיא איבער'ן שטאַם נפתלי, האָט איהר געמאַכט פון בונטען צייג, האָט זי גענומען און צעריסען אויף הונדערט שטיקער. איהר האַרץ איז געווען הויל — און עס האָט געדורשטעט אָהן אויפהער... ווי די געזאַלצענע באָדען־שטרעקע צווישען פּאַרן און תופל, וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט בערעגענט געוואָרען, אַזוי האָט זי געדורשטעט נאָך אַ טוי־געשאַנק — און נאָר זי האָט געוואַרט און געוואַרט.

*

און איינמאָל איז זי געקומען ביז פאַר'ן משכן איז שטעהן געבליבען אינ'ם איינגאַנג. פּלוצלינג האָט זי אַרומגעכאַפּט אַ לוסט אַריינצוגעהן אויף אַ ווײלע אינעוועניג. דער וואָלקען האָט אָנגעפיהלט דאָס הייליגטום און עס איז געווען אַ פינסטערניש, וואָס מ'האָט געקאָנט מיט די הענד אָנטאַפּען. און אַ פורכטזאַמקייט האָט געהויערט אויף יעדען ווינקעל און איז אויפגע־גאַנגען פון הינטער יעדער זייל, און זי האָט קיין זאַך נישט געזעהן. ערשט ווען איהרע אויגען האָבען זיך צוגעוועהנט ביסלעכווייז צו דער פינסטער־ניש, האָט זי אָנגעהויבען אונטערצושיידען צווישען איין זאַך און דער אַנ־דערער. אויף דער טרעפּ וואָס ביי דער בימה פאַר דעם הייליגטום איז גע־שטאַנען דער יונגער כהן, וואָס האָט די אויפזיכט איבער דעם דיענסט, כמעט נאָך אַ יונגעל, און ער איז געווען אָנגעטהון אין אַ ליינען־מאַנטעל און אַ חושן אויף דער ברוסט מיט שלייפלעך און אַנ'אפוד, און לאַנגע לאָ־קען האָבען איהם אַראָבגעהאָנגען איבער'ן געניק הינטער דער הויב, און דער יונגער כהן האָט גערעדט צו דעם פערזאַמעלטען פאָלק. נועה האָט גע־קוקט אויף איהם איבעראַשט און ערשטוינט. זיין פּנים איז געווען בלייך און די לאָקען שוואַרץ. די אויגען זענען געווען בלוי און דער חושן רויט. אין דעם אויגענבליק האָט אויך דער כהן אויפגעהויבען זיינע אויגען און אומגעריכט אַ קוק געטהון אַקעגען זיך און ער האָט זי דערזעהן. זיין בלייך פּנים איז איין אויגענבליק געוואָרען זיבענמאָל בלייכער און די בלויקייט פון זיינע אויגען איז פּלוצלינג געוואָרען זיבענאונזיבעציג מאָל טיעפער. ער האָט אויף אַ ווײלע די שפּראַך פערלוירען און איז ענטשוויגען. נאָר איין אויגענבליק. און אויך די אויגען האָט ער געשלאָסען. דאַן האָט ער זיך געשטאַרקט; זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט צאָרן און זיין שטע־רען האָט זיך בעדעקט ווי מיט אַ שטורמישען וואָלקען, און ער האָט פּלוצ־לינג אָנגעהויבען רעדען צו דעם געזעמעל וועגען דעם געבאָט פון משה'ן: „און עס זאָל דיין לאַגער הייליג זיין". ער האָט געדונערט מיט זיין שטים און געוואָרענט דאָס פאָלק פאַר יעטוועדער אויסגעלאַסענקייט און אונוויר־

דיגקייט, אז „ער זאָל אין דיר קיין שענדליכע זאַך נישט זעהן...” און ער האָט גיך גענענדיגט זיינע רייד און איז אראָב פון דעם געשטעל.

אָבער נאָכמיטאָג, ווען דער טאָג האָט זיך גענייגט, האָט דער יונגער כהן געבלאָנדזשעט איבער'ן פעלד אהין און אהער. דער שאָטען פון דעם מיידעל איז נישט אָבגעטרעטען פון פאַר זיינע אויגען, סיי ווען זיי זענען אָפען געווען און סיי ווען זיי זענען געווען געשלאָסען. ער האָט אזוי לאַנג געוואַנדערט איבער'ן פעלד, ביז ער האָט זי ענדליך געפונען. ער איז דאַן שטעהן געבליבען אויף זיין אָרט און נישט צוטרעטענדיג צו איהר, האָט ער אויף איהר אַ קוק געטהון פונדערווייטענס און דאַן ווידעראמאָל געקוקט. אָבער צוגעגאַנגען צו איהר איז ער נישט.

*

און טאָג-טעגליך נאָכמיטאָג, ווען דער טאָג האָט זיך גענייגט, פלעגט דער כהן זיך לאָזען אין פעלד אריין און צוגעהן ביז פאַר דער הערליכער שלאָפקאַמער און דאָרטען שטעהן בלייבען פונדערווייטענס און קוקען. און האָט ער איהר געזיכט דערזעהן, האָט ער אָבגעקעהרט זיין פנים נאָך הינ־טען אוועקגעדרעהט, און דאַן האָט ער זיך ווידער אומגעקעהרט און אוועק־געשטעלט, אָבער צוגעהן צו איהר איז ער נישט צוגעגאַנגען.

אין ראש־חודש אָדער יום־טוב צי שבת, ווען ער איז געשטאַנען אויף זיין אמט אין משכן, פלעגט ער דונערען מיט זיין שטים צום פאָלק און איהם בעפעהלען, אז „עס זאָל דיין לאַגער הייליג זיין” און וואָרנען, אז „ער זאָל ביי דיר קיין שענדליכע זאַך נישט זעהן” — נאָר יעדענסמאָל ווען ער האָט אזוי בעפויהלען אָדער געוואָרענט, פלעגט ער דעם קאָפּ אראָבלאָ-זען צו דער ערד, ווי ער וואָלט זיך געשעהמט פאַר זיך אליין, און ער האָט דערביי אָבגעזיפצט.

איינמאָל האָט ער זי געפונען הינטער אַ געשטרויך, וואו זי האָט זיך גע־האָט בעהאַלטען, און די נאַכט האָט זי איינגעהילט ארום און ארום. ער האָט דאַן אַנידערגעקניהט צו איהרע פיס אויף דער ערד און געקושט דעם זוים ביי איהר קלייד, ווי עס קושט דער קנעכט דעם זוים פונ'ם קלייד פון אַ

קעניגין. איז ער דאָך אַנ'אומריינער מענש, מיט אומריינע ליפּען און אַנ'־אומריין האַרץ, זי אָבער איז הייליג, הייליג, הייליג...

און זי האָט אויפגעציטערט מיט אַלע גלידער פון איהר לייב — צום ערשטען מאָל זינט איהר לעבענסטאָג.

צי דאָס איז ער, — ווי דער וויסטער באָדען וואָס צווישען פּאַרן און תופל האָט זי דאָך געלעכצט צו איהם תמיד.

און די טעג זענען געווען וואונדערליכע און די נעכט זענען געווען הערליכע, טרוימען און פאַנטאַזיעס מיט אַ זיסער האָפנונג — און דאָך האָט זי האַרט געמאַכט איהר האַרץ צו איהם ווי נאָך צו קיין אַנדערען. וואָס זי האָט נישט פערמיטען פון דעם לעצטען פונ'ם פּעבעל, האָט זי פערמיטען פון איהם. נאָר פון איהם אַליין — און זי האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס. אָפּטמאָל פלעגט זי אויך אָנשרייען אויף איהם און טיילמאָל זאָגאר זיך בייזערען און האָט מיט איהם גערעדט תמיד שטרענג — און זי האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס.

און ער פלעגט קומען יעדען טאָג, און יעדען טאָג האָט ער געקניהט פאַר איהר און געקושט דעם זוים פון איהר קלייד און זיינע אויגען האָבען געג־ליהט — און זי פלעגט יעדען טאָג אויף איהם אָנשרייען און רעדען מיט איהם האַרב און אָבזאָגענדיג איהם אַוועקקישען פון זיך. אָבער ביינאַכט, ווען זי פלעגט ליגען מיט געשלאָסענע אויגען אין די אָרעמס פון איינעם פון איהרע ליעבהאָבער. פלעגט זי זעהן נאָר איהם און נאָר וועגען איהם פלעגט זי טראַכטען. זיין שאָטען האָט נישט אָבגעטרעטען פון איהרע אויג־נען סיי ווען זיי זענען געווען אָפען און סיי ווען זיי זענען געווען געשלאָ-סען.

און איינמאָל האָט ער זי אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנד און איהר צוגעזוג־שוואוירען אַזויצוזאָגען: די האָר וועט ער אָבגאָלען, און די הייליגע הויב פון קאָפּ וועט ער אויסטהון און דעם חושן און דעם אפוד וועט ער פון זיין לייב אַראָבציהען און ער וועט ווערען ווי איינער פון דעם פאָלק, און דאַן וועט ער אַוועקגעהן פון דער מחנה העט ווייט, אין אַ ווייטען סטעפּ, אין די וויסטעניש, וואו קיין מענשען־פוס האָט נאָך נישט געטרעטען, דאָרט וועט ער זיך מיט איהר בעזעצען, און זי וועט איהם אַ ווייב זיין — אָבער

דאָסמאָל האָט זיך זיבענפאַך שטאַרקער צעפלאַקערט איהר צאָרן געגען איהם און זי האָט איהם געענטפּערט שטרענג און פערביטערט. נאָר זי האָט זיך אַליין נישט געשפּירט און האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס. פּלוצלינג אָבער האָט זי דערפיהלט: אָט דעם דאָזיגען מאַן האָט זי דאָך ליעב...

און דער יונגער כהן קניהט נאָך אַלץ פאַר איהר יעדען טאָג און קושט דעם זוים פון איהר קלייד.

*

אין יענער צייט איז אַ קלאַנג דערגאַנגען קיין עציון-גבר, אַז משה האָט אויסגעטיילט דריי שטעדט אויף יענער זייט ירדן צו מזרח-זייט ענט־רינונגס־שטעדט, וואָס זאָלען זיין אַנ'ענטרינונג פאַר יעדען מערדער, וואָס ערמאָרדעט אַ מענש אונגערן, אַז ער זאָל אַנטלויפען דאָרט־אַהין פאַר דעם בלוט־מאָהנער פון דעם ערמאָרדעטענס פאַמיליע און זיך דאָרט בעהאַלטען ביז דער כהן-גדול וועט שטאַרבען, און נאָכ'ן טויט פונ'ם כהן גדול וועט ער מעגען אַרויס פון דאָרט און דער בלוט־מאָהנער וועט שוין קיינמאָל מעהר נישט האָבען קיין רעכט איהם אָנצוריהרען.

שוין אַרום דריי חדשים האָבען די זקנים פון פאָלק געאַרבייט ביים צוגעריכטען די דריי אויסגעטיילטע שטעדט און זיי האָבען בעשטימט זייער רעכט. זיי האָבען געמאָסטען מיט שטריק די שטרעקע ביז די שטעדט וואָס אַרום דעם לאַגער, דאַן האָבען זיי געמאָסטען אויסערהאַלב פון די שטעדט, אָנגעצייכענט די גרעניצען, מאַרקירט די וועגען, און די בעוועגונג איז גע־ווען זעהר גרויס. עס זענען זיי אַרויסגעקומען דריי שטעדט: בצר אין דער מדבר, ראמות אין גלעד און גולן אין בשן. אין יענעם טאָג זענען געקומען די זקנים און מיט זיי אַלע כהנים, אָנגעטהון אין זייערע דיענסט-קליידער. מיט די חושנ'ס און די אפוד'ס און די ליינען-הויזען און הויבען און מאַנ-טלען, און ביים זוים פון די מאַנטלען מילגרוימען און גלעקלעך, און דער כהן-גדול איז געגאַנגען אָן דער שפּיץ מיט זיין גרויסען שטאָק אין דער האַנד, און נאָך איהם זענען געגאַנגען די לויים, און נאָך זיי די לויים-שילער, אַלע אָנגעטהון אין די דיענסט-קליידער, און הינטער זיי האָט זיך געצויגען אַ

צאָהלרייכע מענגע, מענער און ווייבער און קינדער — אַלע זענען זיי גע-גאַנגען קיין בצר, ודען זי איז געווען די ערשטע פון די דריי שטעדט. דאָן האָט דער בעפעהלסהאָבער פון דער מחנה אויפגעפאָדערט די זקנים פון דער שטאָדט אַרויסצוגעהן צו זיי, און עס זענען אַרויסגעקומען אַלע זקנים, איינאונזיבעציג אין דער צאָהל. און האָבען זיך אויסגעשטעלט אינ'ם טויער פון דער שטאָדט, און דער כהן־גדול איז אויף אויף דער בימה, וואָס מ'האָט צוגעגרייט פאַר איהם, און האָט אויסגעשטרעקט זיין גרויסען שטאָק און נאָך איהם האָבען אויך אויסגעשטרעקט זייערע שטעקענס אַלע כהנים פון ארום, און דער כהן־גדול האָט ערקלערט די זקנים פון דער שטאָדט דאָס געזעץ פון דער גאַנצער זאַך, וואָס משה האָט געבאָטען צו טהון: — „אויב מיט אַנ'אייזערנער כלי וועט איינער דעם אַנדערען שלאָגען און ער וועט שטאַרבען, איז ער אַ מערדער: טויטען זאָל געטויט ווערען דער מערדער!" —„און אויב ער האָט איהם געשלאָגען מיט אַ שטיין אין האַנד, וואָס מ'קאָן דערפון שטאַרבען, און ער איז געשטאָרבען, איז ער אַ מערדער, טויטען זאָל געטויט ווערען דער מערדער!" — און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געענט־פערט זאָגענדיג: „אמן!" — „אָדער אַז ער האָט איהם געשלאָגען מיט אַ הילצערנער זאַך אין האַנד, וואָס מ'קאָן דערפון שטאַרבען, און ער איז גע־שטאָרבען, איז ער אַ מערדער, טויטען זאָל געטויט ווערען דער מערדער, דער בלוט-מאָהנער, ער זאָל טויטען דעם מערדער; ווען ער טרעפט איהם זאָל ער איהם טויטען!" — און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געענטפערט זאָגענ־דיג: „אמן!" — „און אויב מיט שנאה האָט ער איהם אַ שטויס געטהון, אָדער ער האָט געשליידערט אויף איהם עפּעס מיט אַ כיוון, און ער איז געשטאָרבען, אָדער ער האָט איהם אין פיינדשאַפט געשלאָגען מיט דער האַנד, און ער איז געשטאָרבען, זאָל געטויט ווערען דער שלעגער, אַ מערדער איז ער!"— און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געענטפערט זאָגענדיג: „אמן." — „אויב אָבער... איינער וועט זינדיגען צו זיין חבר אונגערן, אויב ער האָט איהם אונגעריכט, אָהן פיינדשאַפט, אַ שטויס געטהון, אָדער ער האָט גע־שליידערט אויף איהם עפּעס אַ זאַך אָהן אַבזיכט, אָדער מיט עפּעס אַ שטיין וואָס מ'קאָן דערפון שטאַרבען, האָט ער געוואָרפען אויף איהם אונגעזעהן, און איר איז געשטאָרבען, און ער איז איהם נישט געווען קיין שונא און

נישט אויסען געווען זיין בייז, — זאָל די געמיינדע רעטען דעם טויטשלע־גער פון דעם בלוט־מאָהנערס האנד און די געמיינדע זאָל איהם אויפּ־נעהמען אין זייער שטאָדט, אין דער שטאָדט פון זיין ענטרינונג, וואָס ער איז אַהין אַנטלאָפען, און ער זאָל זיצען אין איהר ביז׳ן טויט פונ׳ם כהן־גדול. אַלצדינג, וואָס ער דאַרף, זאָל מען איהם געבען, ברויט צום עסען און וואַסער צו טרינקען און אַ שטוב צום וואוינען, קיין זאַך זאָל איהם נישט פעהלען, און עס זאָל דאָרט זיצען דער אונגערנדיגער מערדער ביז דער כהן־גדול וועט שטאַרבען". — און דאָס גאַנצע פאָלק האָט געענטפערט נאָך איהם אויף אַ קול: „אמן אמן!" — דאַן האָט דער כהן אויפגעהויבען זיינע אויגען צום הימעל און צעשפּרייטענדיג די הענד תפילה געטהון. זיין שטים האָט מען נישט געהערט, ווען ער האָט מתפלל געווען, און נאָר זיינע ליפּען האָבען זיך געשאָקעלט און ווען ער האָט געענדיגט תפילה טהון, האָבען איהם די יונגע לויים דערלאַנגט דעם בעקען און דער כהן גדול האָט געשפּרענגט פון דעם בעקען רייניגונגס־וואַסער אויפ׳ן טויער פון דער שטאָדט אום זי צו הייליגען. און די כהנים האָבען געדעמפט אין די פאַנען, און אַ וואָלקען איז אויפגעגאַנגען און צוגעדעקט די גאַנצע געמיינדע, און די לויים און לויים־שילער האָבען געזונגען און געשפּיעלט פונ׳ם וואָלקען אַרויס. — דאָסזעלבע האָט מען געמאַכט דער שטאָדט ראמות אין גלעד און דאָסזעלבע דער שטאָדט גולן אין בשן.

און די מענשען אין עציון־גבר פון איין עק ביז צום אַנדערען עק האָבען גאַנצע טעג געשמועסט צווישען זיך נאָר וועגען די דריי שטעדט, וואָס זענען אויסגעטיילט געוואָרען פאַר אונגערנדיגע מערדער. און ווען דאָס פאָלק איז געווען אויפגעלעגט, פלעגען זיי שפּאַסען איינער צום אַנדערען זאָגענדיג „די דאָזיגע שטעדט וועלען דאָך פריהער פּערוויסט ווערען און אָבגעמעקט ווערען פון דער ערד. איידער ס׳וועט צו זיי קומען אַ מערדער זיך בעזעצען. זענען דאָך קיין מערדער נישטאָ אין ישראל און וועלען אויך קיינמאָל צווישען איהם נישט זיין".

נאָר אין יענעם טאָג אָווענדס, ווען אַרום און אַרום איז געווען פינס־טער, איז נועה געלעגען אויף איהר געלעגער אין דער שלאָף־קאַמער וואָס אויפ׳ן פעלד, און דער יונגער כהן האָט געקניהט צו איהרע פיס אויף דער

ערד. ווי א הונד איז ער געלעגן און האט קיין ווארט נישט אויסגערעדט. אבער דאס מיידעל האט כמעט קיין בליק נישט געטהון אויף איהם און איהם כמעט נישט בעמערקט. ווי פערחלומט איז זי געווען און איהר געמיט האט געשוועבט אין דער ווייטעניש. פלוצלינג האט זי זיך אויפגעכאפט. דאן האט זי געזאגט צו איהם מיט א לייכטען שמייכעל, און איהר שטים האט דער-ביי עטוואס געציטערט: „זעה, איך וויים, ווער עס וועט זיין דער ערשטער מערדער, וואס וועט קומען זיך בעזעצען אין איינער פון די ענטרינונגס־שטעדט: דאס וועט געוויס זיין דער, וואס וועט מיך הרג'ענען, אדער איך וועל איהם הרג'ענען און דאן וועל איך זיין די ערשטע צום ענטרינען ווערען דארט אהין..." דערויף האט זי זיך צעלאכט אויף א קול און איז ווידער געווארען זעהר לוסטיג און פרעהליך, נאר פלוצלינג איז זי ענטשוויגען און האט מעהר קיין ווארט נישט אויסגערעדט.

און דער יונגער כהן האט געווארט ביז שפעט און דאן האט ער זיך אויפגעהויבען און איז לאנגזאם אוועק — אבער זיינע קניה האבען שטארק געציטערט און געהענדיג, האט ער זיך געוואקעלט ווי א שיכור.

*

עטליכע טעג האט מען דעם כהן נישט געזעהן אין דער גאנצער מחנה, און דאן האט ער אין איניגע טעג ארום ווידער פערקעהרט צו דעם מיידעל. צום לעצטען מאל איז ער געקומען, אבער זי האט איהם דערקענט: די קרוין פון זיין קאפ האט ער אראבגענומען, זיינע האר זענען געווען אב־געגאלט, און די הייליגע טראכט האט ער אויסגעטהון, דעם מאנטעל און דעם אפוד און דעם גארטעל. א געוועהנליכע וואכעדיקען כאלאט האט ער געטראגען אויפ'ן לייב און א טורבאן אויפ'ן קאפ, און זיין פנים איז געווא־רען זיבענמאל בלאסער ווי פריהער. און דאס גאנצע פאלק ארום האט גע־רעדט וועגען איהם און אויף איהם געטייטעלט מיט די פינגער, און די אויפרעגונג איז געווען זעהר גרויס, דען עס האט נאך אזעלכעס נישט פא-סירט זינט עס זענען געווען כהנים ביי יודען, אז א כהן זאל פערשוועכען זיין קרוין. אבער ווען דאס מיידעל האט איהם דערזעהן, האט זי איהם אויס־געלאכט און מיט אנ'ענטשלאסענער שטים און דייטליכע ווערטער האט זי

צו איהם געזאָגט: „איך וועל דיר קיינמאָל קיין ווייב נישט זיין, און דו זאָלסט עס וויסען". — ער האָט דאָס אויסגעהערט, און קיין וואָרט נישט זאָגענדיג, איז ער אַ רוהיגער און מיט זיכערע טריט אַוועק פון איהר.

אין יענער נאַכט האָט נועה איהר געלעגער נישט בעשטיגען. ביז צום בעגינען האָט זי געוואַנדערט אין פעלד, איינזאַם און עלענד. „איך קאָן דאָך נישט, איך קאָן נישט... איך האָב שוין קיין זאַך נישט איהם צו געבען אויסער מיין פאַר אומרייניקט ליב, און דאָס קאָן איך איהם נישט און וועל איהם קיינמאָל נישט געבען. ער איז פאַר מיר הייליג אויך ווען ער האָט אויסגעטהון זיין קרוין, און הייליג וועט ער מיר בלייבען אייביג..."

און אין דער דאָזיגער נאַכט האָט דאָס מיידעל צום ערשטען מאָל אין איהר לעבען געוויינט.

ווי אַ פרוי, וואָס וואַרט אויף די עפענונג פון איהר טראַכט אַזוי האָט זי געוואַרט אויף די דאָזיגע ערשטע טרעהר. צעהן יאָהר, פופצעהן יאָהר האָט זי געוואַרט, און אָט איז זי ערשט געקומען. דאַן האָט זי אַרומגענומען אַ פלוצלינגע רוה, וואָס נאָך קיינמאָל האָט זי אַזעלכע נישט געקענט.

פריהמאָרגענס אָבער איז אָנגעקומען די נאַכריכט, אַז מען האָט פונ'ם טייך זרד אַרויסגעצויגען אַ טויטען מענשען־קערפער, און מ'האָט דערקענט, אַז דאָס איז דער קערפער פון דעם יונגען כהן.

ווען נועה האָט דאָס דערהערט, האָט זי בלויז אַרויסגערעדט די ווערטער: „איך האָב איהם דערהרג'עט" — און דערויף איז זי פערשוואונדען און עס האָט זי קיין מענש מעהר נישט געזעהן. טעג און וואָכען לאַנג האָט זי קיינער נישט געזעהן. צווישען די בערג, אין די וויסטעננישען פון דער פירכטערליכער מדבר, וואו עס האָט נאָך קיין מענשען־פוס נישט געטראָטען, האָט זי אַרומגעבלאָנדזשעט אַליין טאָג און נאַכט, און אויף איהרע ליפען זענען געווען נאָר די ווערטער: „איך האָב דאָך נישט געקאָנט, איך האָב נישט געקאָנט". און אַז זי האָט זיך אין זעקס וואָכען אַרום אומגעקעהרט קיין ציון־גבר, האָט זי קיין מענש מעהר נישט דערקענט. איהר שטאָלצער רוקען איז געווען געבויגען ביז דער העלפט און פון איהר אַמאָליגער שעהנער געשטאַלט איז שוין גאָרנישט געבליבען.

און אז ס'איז אָנגעקומען די נאַכט, האָט זי צעריסען אַלע איהרע קליי־דער און בונטע געוועבען און קאָסטבארקייטען, נישט איבערלאָזענדיג קיין גאַנצען פאָדעם, און וואָס עס האָט זיך נישט געלאָזט צערייסען אָדער פער־ברענען, האָט זי געוואָרפען אין וואַסער אריין.

און אין זעקסטען חודש, אינ'ם ערשטען טאָג פון דעם חודש, אין פער־ציגסטען יאָהר זינט די בני־ישראל זענען ארוים פון מצרים, איז געקומען אַ באָרוועס און אָבגעריסען מיידעל ביז פאר'ן טויער פון דעם שטאָדט בצר און געקלאַפט אין טויער:

— „נעהמט מיך אויף. איך האָב אַ מענש ערמאָרדעט אונגערן...”

די זקנים פון בצר האָבען זיך דערשראָקען און זיי זענען אַלע גע־קומען און געקוקט. אָט איז דער ערשטער „מערדער” - און זיי האָבען אויפגענומען דאָס מיידעל און איהר געגעבען אַ פּלאַץ צו וואוינען צווישען זיי. אין דער הויפּט-גאַס פון דער שטאָדט, וואו עס איז די גרעסטע בעווע־גונג, האָבען זיי איהר דעם פּלאַץ בעשטימט. דאָס מיידעל אָבער האָט זיך ביי זיי געבעטען, אז מ'זאָל איהר געבען עפּעס אַ פערוואָרפען ווינקעל, ווייט פון מענשען, אַז זי זאָל קיין מענשען־געזיכט פאר די אויגען נישט אָנזעהן דאָן האָט זי זיך פערשטעקט אין אַ הינטער־שטוב און איז מעהר אין דרויס־ען נישט אַרוים.

און די ווייבער האָבען איהר יעדען טאָג געבראַכט ברויט און געפּרעסטע פייגען און וואַסער, אַז זי זאָל זיך דערמיט דאָס האַרץ אונטערלעהנען, זי אָבער האָט גאָרנישט געגעסען אויסער אַ שטיקעל טרוקען ברויט.

און די מוטער פונ'ם כהן־גדול פלעגט איהר ברענגען געשמאַקע און פעטע עסענוואַרג און אויוועך־געבעקס, וועלענדיג איהר גוטס טהון, אום זי זאָל נישט בעטען אויף'ן טויט פונ'ם כהן־גדול — אָבער דאָס מיידעל האָט שטיל געלאַכט, ווען זי האָט דאָס געהערט, און האָט קיין וואָרט נישט אויס־גערעדט.

און ווי מערקווירדיג: זאָגאר ווען דער כהן־גדול איז געשטאָרבען און מ׳האָט איהר געעפענט דאָס טויער ארויסצוגעהן, איז דאָס מיידעל נישט ארויס. זי איז געבליבען וואוינען אין בצר, אין דער ענטרינונגס־שטאָדט, ביז איהר טויט, און זי איז דאָרט געשטאָרבען און דאָרט בעגראָבען געוואָרען.

# דער האַלץ-קלויבער

מיין מאמע האָט עס איבערגענומען פון איהר מאמע, איהר מאמע פון דער באָבע, די באָבע פון דער עלטער־באָבע, א דור פון א דור — און מיין מאמע האָט עס איבערגעגעבען צו מיר.

געווען איז עס אין דער מדבר פארן אינ׳ם ערשטען יאָהר נאָכדעם ווי די קינדער פון ישראל זענען ארויסגעגאנגען פון מצרים, אינ׳ם אכטען חודש פון יענעם יאָהר, דענסמאָל ווען די מחנה איז געלעגען צעשפּרייט איבער דעם גאנצען גאָלען סטעפּ, נאָכדעם ווי זיי זענען געקומען פון תבערה און האָבען גערוהט אין געצעלטען און אין פלעכטהייזלעך הארט ביי קדש, אנטקעגען דעם אָנבליק פון דער ווילדער וויסטעניש; — דענסמאָל איז געווען צווישען די ארויסגעגאנגענע איינער פון נידעריגען פאָלק, פון יענע מענשען, וועלכע האָבען געארבייט אין רעמסס אויף דער מויער, מיט׳ן נאָמען גוג דער זוהן פון בכר, א גרויסער, גרויסער אָרימאַן, וועלכער האָט פערמאָגט נאָר א קראנק ווייב און פיער קליינע קינדער, און געוואוינט האָט ער אין אַ קליין פלעכט־הייזעל, וועלכעם ער האָט זיך אַליין אויפגעשטעלט, דען ער איז געווען אַ טישלער. אָבער איינמאָל אין אַ נאָכמיטאָג איז דער דאָזיגער מאַן ארויסגעגאַנגען פון דער מחנה צו דעם פעלד צו, און ער האָט זיך נישט מעהר צוריקגעקעהרט צו דער מחנה דעם גאַנצען טאָג. אין דער פארנאַכטיגער שעה, ווען די טונקעלהייט האָט אָנגעהויבען ביסלעכוויז אויפצושטייגען און האָט געלעקט דעם שטויב פון דער ערד און איז ביסלעכוויז געקראָכען העכער און העכער אויף די ווענד פון די פעלזען, און פון דער שטילקייט ארויס האָט זיך געהערט פונדערווייטענס דאָס געזשום פון א וועספּ, וועלכע איז געפלויגען, דענסמאָל איז דאָס קליינע מיידעלע פון יענעם מאַן געשטאַנען פאַר דער טיר פונ׳ם פלעכט־הייזעל, א קינד פון אַ יאָהר פיער, יעקובה האָט זי געהייסען, און זי האָט געקוקט און געקוקט ארוים אויף די שטעגען, דאָרט וואו זיי שיידען זיך, און האָט גע-

ווארט אויפ'ן פאטער, און ווי זי האט געזעהן, אז ער קומט נישט, האט זי פלוצלינג אנגעהויבען הויך צו וויינען...

און געווען איז עס אין דער צייט פון דער נייער כהנים־הערשאפט, וועלכע איז ענטשטאנען אט דא ערשט מיט עטליכע חדשים צוריק אין דער געגענד פון בארג סיני, און די דאזיגע כהנים־הערשאפט האט זיך נאך גע־שאקעלט און געוואקעלט און איז פעסט נאך נישט געשטאנען. א גאנצע עדה כהנים און הויפטלינגע און בעפעהלסהאבער און אויפזעהער האבען געארבייט גאנצע טעג און האבען געזוכט מיטלען צו בעפעסטיגען זי און זי קרעפטיג אוועקצושטעלען. צייכענס האבען זיך בעוויזען און וואונדער זענען געשעהען אויפען הימעל און אויף דער ערד, אום דאס פאלק דערמיט צו נעהמען — אבער דאס פאלק איז געשטאנען פונדערווייטענס און האט געצויגען מיט די פלייצעס. געזעצען זענען געגעבען געווארען און בעפעה־לען זענען געבראכט געווארען אויף שטיינערנע טאוולען פונ'ם הימעל. אום דאס ניי-געבאקענע פאלק אבצושיידען פון די אנדערע פעלקער און אום שטרענג אבצוגרעניצען זיי פון די איבעריגע — אבער דאס פאלק האט א מינוט זיך צוגעהערט, און שוין א מינוט שפעטער האט עס ווידער אלץ גע־האט פערגעסען. פערשפרעכונגען זענען געגעבען געווארען און שעהנע רייד, גוט און זיס, האבען זיך געלאזט הערען, אום דעם פאלק האפנונגען צו גע־בען אויף א שפעטערע צוקונפט — אבער דאס פאלק האט זיך א מינוט איינגעהערט און איז געשטאנען פונדערווייטענס און האט נישט געגלויבט. דאן האט מען מיט א גאר נייעם וועג געפרובט מיט א שטארקער פויסט און מיט אייזערנע ריטער און מיט שווערע שטראפען — און א געמערמעל ווי דאס מערמלען פון א ווילד געווארענעם טייך איז דורכגעפאהרען די גאנ־צע מחנה פון עק ביז עק.

פון עק מחנה ביז עק מחנה זענען ארומגעוואנדערט די כהנים און די לויים, און אויך די אויפזעהער, וועלכע האבען די מאכט געהאט אין זייערע הענד, און פאר יעדער שוועל און נעבען יעדער הויז, אויף בערג און אויף בערגלעך, האבען זיי טאג־טעגליך נייע אויסרופונגען וועגען נייע געזעצען געלאזט הערען. אבער נאך איז דאס פאלק געווען פריי ווי דער שטורם אין דער מדבר, אונגעבענדיגט און נישט געפרובט נאכצוגעהן אין עפעס א יאך,

און די רייד זענען נאָר דערגאַנגען ביז צום אויער און האָבען דאָס אינער־ליבע נאָך גאָרנישט בעריהרט.

און האָט פּלוצלינג א ניי געזעץ: — „זעקס טעג זאָל געטהון ווערען ארבייט און אין זיבעטען טאָג זאָל אייך זיין הייליג דער שבת, א רוה־טאָג, א גרויסער רוה־טאָג פאַר גאָטס וועגען, ווער עס וועט טהון אין איהם אַר־בייט, וועט ווערען געטויט". — געטויט? דאָס פאָלק האָט געהערט און געלאַכט.

א יונג כהנ'דעל, ביי וועלכען דאָס זאַלבונגס־אייל איז נאָך נישט גע־ווען אָבגעטרוקענט פונ'ם לעפּעל פון זיין רעכט אויער און פון דעם גראָ־בען פינגער פון זיין רעכטער האַנד און פונ'ם גראָבען פינגער פון רעכטען פוס, האָט ביים אויסרופען נאָך צוגעלעגט עטליכע ווערטער און האָט גע־זאָגט: „איהר זאָלט נישט אָנצינדען קיין פייער אין אַלע אייערע וואוינער־טער אין טאָג פון שבת". נאָך איהם איז אויפגעשטיגען א שווער־פליישיגער און דיקבויכיגער כהן מיט א קאָפּ־באַנד אויפ'ן קאָפּ און מיט שטערען־פוץ אויפ'ן שטערען, און אויפ'ן לייב האָט ער געהאַט א גאָלד־געשטיקט העמדעל מיט קוואַסטען ביי די עקען, און גערעדט האָט ער מיט זיין טיעפער באַס־שטימע און האָט געזאָגט: „אָבער מיינע שבתים זאָלט איהר אָבהיטען. דען עס איז א צייכען צווישען מיר און צווישען אייך אויף אייערע דורות ארויס, אום צו וויסען, אז איך בין אייער הערר, וועלכער הייליגע אייך — ווער עס וועט איהם פערשוועכען דער זאָל געטויט ווערען: דען ווער עס טהוט אין איהם איין ארבייט, זאָל יענס נפש פערשניטען ווערען פון זיין פאָלק — איטליכער, וועלכער טהוט איין ארבייט אין טאָג פון שבת, טויטען זאָל ער געטויט ווערען" — און דאָס פאָלק האָט עס געהערט און האָט נישט געגלויבט. ווער זאָל געטויט ווערען? ווער וועט טויטען? און פארוואָס?

און עפּעס איינער פון די יונגע לויים, א זעהר איידעלער און זעהר פיי־נער, מיט זעהר ווייסע נעגעל אויף די פינגער פון זיינע שעהנע הענד און מיט שווערען האָר־געפלעכט ווי א בלאָנדער וואלד אויף זיין קאָפּ, האָט זיך אוועקגעשטעלט און האָט נאָך צוגעלעגט — „און אָבהיטען זאָלען די קינדער פון ישראל דעם שבת — צווישען מיר און צווישען די קינדער פון ישראל

איז עס א צייכען אויף אייביג. אז זעקס טעג האָט דער הערר געמאַכט דעם הימעל און די ערד און אין זיבעטען טאָג האָט ער גערוהט". — דאָס פאָלק האָט געצוויגען מיט די פּלייצעס און איז זיך צעגאַנגען.

און אָט האָבען זיי איינמאָל — א שבת איז עס געווען — געפונען אויפ'ן פעלד איינעם, א מענש, וועלכער איז געשטאַנען איינגעבוקט, און האָט געהאַט דעם אָנבליק פון א מענשען, וואָס זוכט אויף דער ערד א זאַך, וועלכע איז איהם פערלוירען געגאַנגען. אין דער דאָזיגער מינוט האָט דער מאַן גראָד אויפגעהויבען אַביסעל דעם קאָפּ. דאָס פּנים איז געווען זעהר בלאַס און די באַקען איינגעפאַלען, אָבער די ליפּען זענען געווען בלוי. ווי זיי זענען געהנטער צו איהם צוגעקומען, האָבען עטליכע פון זיי איהם דער־קענט און האָבען געזעהען, אז עס איז גוג בכר'ס זוהן, דער טישלער. אָבער שוין א מינוט שפּעטער האָט דער מאַן זיך ווידער אַראָבגעבויגען צו דער ערד דאָ האָבען זי דערזעהען, אז ער קלויבט־אויף פון דער ערד שפּענדלעך האָלץ — און זיי האָבען איהם א נעהם געגעבען פעסט.

גוג האָט נישט פערשטאַנען, וואָס זיי ווילען פון איהם, דעם קאָפּ האָט ער כמעט נישט אויפגעהויבען, און נאָר מיט די ליפּען האָט ער שטיל און אונגעדולדיג געמאַכט:

„ברידער, לאָזט אָב, שטערט מיר נישט. די צייט איז זעהר קורץ. און די פּאָר שפּענדלעך האָלץ האָב איך היינט זעהר און זעהר נויטיג...

די שטים איז געווען ווי פון א זעהר דערשלאָגענעם און צעבראָכענעם מענשען... כמעט אז זי האָט גערירט די מענשען, וועלכע האָבען זי גע־הערט און זיי האָבען רחמנות בעקומען.

„אָבער שבת איז דאָך היינט!" — האָבען די מענשען אויסגערופען.

גוג האָט געהערט און האָט נישט פערשטאַנען. דאָס דאָזיגע וואָרט איז איהם עטליכע מאָל שוין אויסגעקומען צו הערען אין די לעצטע וואָכען, נאָר וואָס עס בעדייט האָט ער שוין ווידער געהאַט פערגעסען און האָט עס נישט מעהר געוואוסט. און אָט האָט ער צונויפגעצויגען דעם שטערען אין קנייטשען און איז געשטאַנען.

ווען זיי האָבען איהם אַוועקגעפיהרט פונ'ם פעלד צום פאָרהויף פאַר'ן אוהל־מועד האָט ער נישט אויפגעהערט צו שטוינען קיין איינציגע מינוט.

פאַרוואָר פיהרען זיי איהם עפּעס דאָ אַהער צום פאָרהויף, און ער בעדאַרף דאָך גאָר זיך אומקעהרען אַהיים אויף דער גיך צו זיין קראַנק ווייב און צו די קראַנקע קינדערלעך, וועלכע וואַרטען אויף איהם אינדערהיים? — אין אַ ווינקעל פונ'ם אינוועניגסטען הויף האָט ער דערבליקט צוויי יונגע קיה, וועלכע זענען געשטאַנען צוגעבונדען צו די האָרען־שפּיצען פון מזבח און האָבען געוואַרט אויף'ן כהן, וועלכער וועט קומען און וועט זיי אָפּפּערען אויף'ן מזבח מיט'ן אויפגאַנג פון דער אָפּפער־גאָב און פון זייער בלוט וועט ער שפּרענגען אויף די האָרען־שפּיצען זיבען מאָל. די קיה זענען גע־שטאַנען אָהן אַ שום זאָרג. עטליכע זונען-שטראַהלען האָבען זיך פערכאַפּט צווישען זייערע הערנער און האָבען געטאַנצט און האָבען בעדעקט זיי מיט בליצענדיג גאָלד, און די קיה האָבען אַזש געמעקעט פאַר נחת. דאַן האָט זיך דאָס טאַנצענדיגע גאָלד פערכאַפּט אויך ביי גוג'ס קאָפּ און האָט זיך גע־שפּיעלט אויף זיינע האָר.

*

אַ וואָלקען איז געלעגען אויסגעגאָסען איבער דעם פאָרהויף פאַר'ן אוהל־מועד, דענסמאָל ווען די מענשען זענען מיט גוג דעם זוהן פון בכר אָנגעקומען פונ'ם פעלד, און אין דעם הייזעל ביים איינגאַנג אינ'ם פאָרהויף זענען געזעסען עטליכע יונגע אויפזעהער און עטליכע יונגע בעפעהלסהאָבער און עטליכע יונגלעך־שרייבערס און עס איז זיי אַ פּנים נישט געווען גאַנץ רעכט, וואָס מען האָט זיי פּלוצלינג געשטערט. שווער און פויל האָבען זיי אָנגעהויבען זייער אויספרעגעניש: — „ווי הייסטו?" גוג האָט געענט־פערט. — „מיט וואָס בעשעפטיגסטו זיך?" גוג האָט געענטפערט. — „פון וואָס פאַר אַ שטאַם ביזטו?" דעם שטאַם האָט גוג דער זוהן פון בכר אין דער דאָזיגער מינוט גראָד געהאַט פערגעסען. דאַן האָט ער געקלערט און געקלערט און מיט גרויס אָנשטרענגעניש האָט ער זיך דערמאָהנט, און גאַנץ שטיל האָט ער געענטפערט: „פונ'ם שטאַם זבולון". אָבער ביי זיך אין הארצען האָט ער זיך שטאַרק געוואונדערט: „צו וואָס מוזען דען די דאָזיגע מענשען דאָס אַלץ דורכאַוים וויסען? — באַלד דערויף האָט מען זיך אָבער

צו איהם שוין ווידער געוועגדעט און איהם געפרעגט: „ביי וואס האבען זיי דיך געכאפט און וואס איז דיין פערברעך?" אבער דערויף האט נישט דער טישלער געענטפערט, נאר די מענשען, וועלכע האבען איהם געטראפען אויפ'ן פעלד ביים קלויבען האלץ אום שבת, האבען געענטפערט אנשטאט איהם. די בעפעהלסהאבער, הערענדיג די דאזיגע קליינינקייט, האבען זיך געוואונדערט און האבען זיך איבערגעקוקט איינער מיט דעם אנדערען. זיי האבען קיין שום פערברעך דערביי נישט געזעהען. אט דא ערשט מיט וואכען אדער מיט א חודש צוריק האבען זיי אליין אדער זייערע ברידער און זייערע טאטעס דאסזעלבע געטהון, און קיין זינד איז עס נישט געווען. זיי האבען אויף די אויפזעהער אנגעשריגען, ווייל זיי האבען א מענשען אומזיסט בעלעסטיגט און די בעפעהלסהאבער האבען זיי בעמיהט פאר גאר־נישט, און גוג'ן האבען זיי געהייסען געהן. גוג האט זיך אויפגעהויבען און איז געגאנגען. קוים איז ער אבער געוועזן אויפ'ן הויף, נאך איידער ער האט פערלאזט דעם פאר־פלאץ, איז מען איהם שוין נאכגעלאפען און מען האט איהם געהייסען זיך אומקעהרען. אנ'אנדער ווינטעל האט פלוצלינג א בלאז געטהון ביי יענע דארט אינ'ם הייזעל. עפעס איינער פון די בעפעהלסהאבער האט א מינוט געצויגען מיט די פלייצעס, דען ער איז פלוצלינג אונזיכער געווארען. ווער ווייסט? אפשר איז עס פארט נישט רעכט, א געכאפטען צו לאזען גלאט אזוי לויפען. אפשר וועט עס זיין בעסער, דערמיט נאך צו ווארטען אביסעל, ביז דער אויבער־כהן אדער דער וויצע-אויבער־כהן וועט קומען און וועט ערקלערען, וואס עס איז צו טהון, און דערווייל וועט מען די מענשען איינזעצען אין דער וואך. יעדענפאלס איז דאך געזעצליך די פראגע נאך נישט פעסט אוועקגעשטעלט געווארען, וואס אייגענטליך האט צו געשעהן מיט מענשען, וועלכער האט געקליבען האלץ אום שבת.

און אזוי האט מען גוג'ן אוועקגעפיהרט אין דער וואך אריין. און גוג איז געוועזן מיעד און אבגעהעצט און האט נישט געוואוסט, וואס מען וויל דא פון איהם און איז געזעסען און האט געווארט און איז ענטשלאפען געווארען.

*

אין מיטען נאַכט האָט מען איהם אויפגעוועקט פּלוצלינג. פּאַקעלען זענען געווען אַריינגעשטעקט אין לעכער און אין שפּאַלטען פון די ווענד און האָבען בעלויכטען דאָס זיילען־געבוי אינ׳ם פּאַרהויף פון פּאַר׳ן אוהל־מועד. אויף די פעל, וועלכע זענען געלעגען אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, זענען געזעסען אַרום און אַרום מענשען מיט ערנסטע פּנים׳ער, מיט צאָרניגע אויגען און מיט אַ פינסטערען אָנבליק — און אַ גרויסע שרעק איז אָנגעפאַלען אויף גוג׳ן. אין דער מיט האָט ער געזעהן דעם אויבער־כהן, אָנגעטהון דאָס כהונה־קלייד מיט אַלע שלייפען און בעפּוצונגען, און די ברעמען איבער זיינע אויגען זענען געווען מאָדנע ברייט און מאָדנע פינסטער, און נאָר געקוקט האָט ער מיט זיינע שאַרפע שפּיציגע אויגען און גערעדט האָט ער קיין וואָרט נישט.

דאָס אויספרעגען האָט זיך אָנגעהויבען:

און נאָכאַמאָל: „ווי הייסטו?", „פון וואָס פאַר אַ שטאַם ביזט דו"?" און „וואָס איז דיין בעשעפטיגונג?" — אָבער דאָסמאָל האָבען זיינע ביי־נער מאָדנע געציטערט ביי איטליכען וואָרט, וואָס ער איז געפרעגט געוואָרען.

און ווען זיי האָבען איהם געפרעגט, ווי האָט ער געקאָנט אַזאַ פערברעך טהון, צו קלויבען האָלץ אויפ׳ן פעלד אום שבת, האָט ער נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערען, און ער האָט זיך אומגעקוקט, ווי ער וואָלט זוכען ביי עמיצען הילף. ער האָט נישט אינ׳ם מינדעסטען פערשטאַנען, וואָס ווילען זיי פון איהם און פאַרוואָס דאַרף אַ מענש נישט געהן אין פעלד אַריין קלויב־ען האָלץ און ווי אַזוי איז עס אַ פערברעך, ווען ער האָט עס געקלויבען אום שבת. דעם שבת האָט ער נאָך גאָרנישט געקענט. אַ מינוט איז ער געשטאַ־נען אַ דערשראָקענער.

„אָבער!" — האָט ער געפּרובט ענטפערען — און פּלוצלינג האָט ער אָבגעהאַקט און האָט געשוויגען.

דאַן האָט ער זיך געשטאַרקט. ווי ער וואָלט רעדען צו זיך אַליין, האָט ער גאַנץ שטיל געשעפּטשעט, אַז מען איהם כמעט נישט געהערט: — מיין ווייב איז קראַנק, פיער קינדער האָב איך, און דריי פון זיי זענען קראַנק. שוין עלף טעג זענען זיי קראַנק. אינ׳ם הויז האָב איך דאָס מינדעסטע נישט.

די שכנים זאָגען: ס'איז „חרחור" — די ברען־קראַנקהייט. די גאַנצע נאַכט בין איך ביי זייער געלעגער געזעסען. איך האָב געקוקט אויף די גליהענדיגע ליפּען און די גליהענדיגע אויגען און ווי דאָס פייער פלאַקערט אין זייערע ביינער. איך האָב געמיינט, אז אָט אָט ווערען זיי פערברענט. און די שכנים זאָגען: אַביסעל וואַרים וואַסער און אַביסעל אזוב געקאָכט אויף וואַסער מוז מען זיי דערלאַנגען. אזוב האָב איך געפּליקט פון די שפּאַלטען אין די ווענד, אָבער האָלץ אויף צו קאָכען האָב איך נישט געהאַט. אַ טישלער בין איך, אָבער האָלץ האָב איך נישט געהאַט. דאָ בין איך אַרויס אין פעלד, אום צו קלויבען אַ פּאָר שפּענדלעך האָלץ פאַר'ן ווייב מיט די קינדער, אָבער די מענשען אויפ'ן פעלד זענען שלעכט און האָבען מיך נישט געלאָזען קלויבען...

דאָ איז דער ריכטער דערצערענט געוואָרען: — ווען עמיצער איז קראַנק, רופט מען דעם כהן...

גוג האָט דערויף נישט געענטפערט. ער האָט נאָר דאָס איינע געוואוסט, אז פאַר אַ כהן האָט ער מורא. בלויז ווען ער הערט דעם נאָמען כהן, שרעקט ער זיך אַביסעל. און נאָך דערצו ווען עס געפינט זיך אַ קראַנקער אין הויז. מען זאָגט: ווען אַ כהן קומט צו אַ קראַנקען אין הויז אַריין, האָט ער דאָס רעכט פונאַנדערצונעהמען די בוי־שטיינער און די געפּלעכטען פון די ווענד און זיי אַרויסצוואַרפען פון דער אַנדערער זייט פון דער מחנה, און דאַן קראַצט ער אַוועק אַלץ אַרום דעם הויז און די אַוועקגעקראַצטע ערד שיט ער אויס אויף אַנ'אומריינעם אָרט, און אָפט צעלעגט ער דאָס גאַנצע הויז און צעשטערט עס. אַ שרעק האָט אַרומגעכאַפּט גוג'ען, ווען ער האָט זיך אָן דעם אַלעם דערמאָהנט. אַלצדינג איז ער גרייט צו טהון, און נאָר מיט די דאָזיגע לייט וויל ער נישט האָבען קיין שום עסקים. עלף טעג האָט זיך זיין ווייב אַרומגעוואָרפען אויף איהר געלעגער און האָט געקרעכצט און געזיפצט און געאויקעט, און די קינדער זענען געלעגען שטיל מיט דעם בראַנד־פייער אין די ביינער, אַז די צונג אין מויל איז אַזש טרוקען געוואָרען, און דעם כהן האָט ער נישט גערופען — אָבער דאָס אַלץ קאָן ער זיי דאָך דאָ נישט זאָגען.

און גוג האָט געשוויגען און האָט נישט געענטפערט.

דאָס אויספרעגעז האָט זיך געענדיגט. גוג האָט אָבגעאָטעמט. אָט וועט ער באַלד זיך אומקעהרעז אהיים צו זייז ווייב מיט זיינע קינדער. אפשר וועט ער נאָך קאָנען זיך ארויסכאַפּען אויף א מינוט אויך איז פעלד אריין, אום צו נעהמען דאָס ביסעל שפּענדלעך, וואָס ער האָט אָנגעקליבען, און וועלכעס ער האָט געלאָזט ליגען אויפ׳ן פעלד, ווען יענע לייט זענען אָנגע־קומען און האָבען איהם צוגענומען.

נאָכדעם ווי מען האָט איהם ארויסגעפיהרט פונ׳ם זיילען־געבוי, האָט זיך אָנגעהויבען די בעראַטונג פון די ריכטער. דער ערשטער האָט גערעדט דער פּאָרזיצענדער: — איך גלויב, אז מיר דאַרפען דעם דאָזיגען שלימזל לאָזען לויפען, א לויתן האָבען מיר דאָסמאָל אינ׳ם נעץ נישט ארויפגע־צויגען.

און אויך די אַנדערע האָבען צוגעשטימט דערצו.

דאָ אָבער האָט זיך א הויב געטהון פון זיין אָרט דער אויבער־כהן, פּינחס דער זוהן פון אלעזר. די ברעמען איבער זיינע אויגען זענען צווייםאָל אזוי ברייט געוואָרען, ווי זיי זענען געווען, און דער בליק איז געווען מאָדנע פינסטער.

„ניין!״ — און דאָס דאָזיגע וואָרט האָט ער נישט גערעדט, נאָר גע־שריגען. דאָס וועלען מיר נישט טהון! דאָס וועל איך אייך נישט לאָזען טהון! עס איז גאָט׳ס שבת — און איינמאָל פאַר אלעמאָל מוזען מיר א מעשה אָבטהון, כדי דאָס גאַנצע פאָלק ארום זאָל עס ענדליך וויסען, און וויסען זאָל עס, וואָס שבת בעדייט און ווי וויכטיג ער איז אונז! דעם דאָזי־גען מענשען מוזען מיר פאַר א ביישפּיעל געבען, א בעווייז און א צייכען פאַר אלע ווידערשפּעניגע, כדי דאָס פאָלק פון איין עק מחנה ביז צום אַנ־דערען עק זאָלען עס הערען און זאָלען זיך פאַרכטען און זאָלען זיך נישט דערוועגען מעהר אזעלכעס צו טהון. דער דאָזיגער מענש מוז געטויט ווע־רען... גאָט וויל עס!״

די איבעריגע ריכטער האָבען זיך פערוואונדערט איבערגעקוקט איינער מיט׳ן אַנדערען — א מינוט שפּעטער אָבער האָבען זיי שוין צוגעשטימט צום אויבער־כהן.

און פינחס דער זוהן פון אלעזר דעם כהן האט זיך רוהיג אויפגעשטעלט און האט ארויסגעזאגט דעם שפרוך פון געריכט:

„אין גאט'ס נאמען און אין משה'ס נאמען! — אינ'ם אכטען חודש, דעם פערצעהנטען אין איהם, אינ'ם ערשטען יאהר פון דער כהנים הערשאפט זענען מענשען געקומען אויפ'ן פעלד, און אט זענען זיי עדות, אז זיי האבען געפונען דעם טישלער גוג דעם זוהן פון בכר, פונ'ם שטאם זבולון, קלויבענדיג האלץ אויף דער ערד, און דער טאג איז געווען א שבת-טאג. און זיי האבען איהם פעסטגענומען און האבען איהם געבראכט צום פאר-הויף, דעם פארהויף פון משה און אהרן, און האבען אויף איהם עדות גע-זאגט, אז דאס און דאס האט ער געטהון: דעם שבת האט ער פערשוועכט, וואס גאט האט געזאגט, דו טארסט איהם נישט פערשוועכען, דען א צייכען איז ער צווישען מיר און צווישען דיר אויף אייביג; ער האט אין איהם אנ'ארבייט געטהון, וועלכע טאר נישט געטהון ווערען, דען ער האט געק-ליבען האלץ אויפ'ן פעלד, און פאר גאט דעם הערר האט ער נישט געפארכ-טעט, וועלכער האט געזאגט, אז שווער וועט בעשטראפט ווערען איטליכער, וואר עס וועט טהון אנ'ארבייט אינ'ם דאזיגען טאג; געטויט וועט ער ווע-רען און ער וועט ווערען פערשניטען פון זיין פאלק! און דעריבער זענען דאס די רייד, וואס גאט האט גערעדט היינט צו משה'ן פונ'ם וואלקען ארויס, אזוי צו זאגען: געטויט זאל ווערען דער מאן, גוג דער זוהן פון בכר זאל געטויט ווערען, פערשטייניגען איהם מיט שטיינער זאל דאס גאנ-צע פאלק פון דרויסען פון דער מחנה, און איך דער כהן פינחס דער זוהן פון אלעזר דער זוהן פון אהרן דער זוהן פון עמרם, איבער'חזר אייך דא ווערטליך די דאזיגע רייד: געטויט זאל ווערען דער מאן, דער דאזיגער גוג דער זוהן פון בכר זאל געטויט ווערען.

און אלע ארום, וועלכע האבען עס געהערט, האבען געענטפערט צוויי מאל: אמן!

און גוג דער זוהן פון בכר איז געזעסען די גאנצע נאכט אין דער וואך און אקעגען טאג האט איהם פלוצלינג אנגעכאפט א שרעקעניש — באלד אבער האט ער זיך ווידער בערוהיגט.

*

ווען די ערשטע זונען־שטראַהלען זענען ארויס, האָבען איהם די אויפ־זעהער איבערגעבראַכט דעם געריכטס־שפּרוך: — געמויט זאָל ער ווערען — פערשטייניגען איהם מיט שטיינער זאָל דאָס גאַנצע פאָלק — פון דרויס־ען פון דער מחנה.

א נאַריש געלעכטערל האָט ארומגעבלאָנדזשעט אויף גוג׳ס געזיכט. ער האָט געגלויבט, אַז די דאָזיגע מענשען טרייבען מיט איהם אַ שפּאַס, האָט ער מיטגעלאַכט.

אָבער דאַן האָבען זיי איהם אָנגעטהון דאָס ווייסע, לאַנגע העמד, און האָבען איהם פערבונדען די אויגען, כדי ער זאָל גאָרנישט זעהן, און האָבען גענומען אַ נייעם וואָגען, וועלכער איז געמאַכט געווען פון פיער ווייסע ברעטער, און האָבען איהם דאָרט אויפגעזעצט, און צוויי יונגע קיהר, אינ־גאַנצען ווייס, האָבען געצויגען דעם וואָגען אוים אין דרויסען פון דער מחנה — — דאָס הארץ האָט אין איהם אָנגעהויבען פלוצלינג שטאַרק צו קלאַפּען. אָבער ווי אַזוי איז דאָס? וואָס האָט ער געטהון? זיין ווייב איז דאָך קראַנק, די קינדער זענען דאָך קראַנק, „הרהור" איז עס, און ער ארויס אויפ׳ן פעלד נאָר אום צו קלויבען פאַר זיי עטליכע העלצלעך, אָנצוצינדען אַ פייערל און אויפצוקאָכען אַ ביסעל וואַסער מיט אַביסעל אזוב פאַר די ליידענדע, וועלכע האָבען אַזוי געליטען די גאַנצע נאַכט. — —

פלוצלינג האָט זיך געהערט דאָס קול פון אַ שופר, און דאַן צוויי טראָמפּייטען און דאַן איז אָנגעקומען אַ גרויסע עדה מענשען, מענער און פרויען און קינדער. און די כהנים זענען געגאַנגען פייערליך, אָנגעטהון אין די אוניפאָרמען, און די לויים זענען געגאַנגען אָנגעטהון אין די ווייסע העמדלעך מיט גלעקלעך און מיט מילגרוימען, ביסלעכווייז האָט זיך צונויפ־געזאַמעלט דאָס גאַנצע פאָלק פון דער מחנה פון איין עק ביז צום אַנדערען, צעהנטויזענדער מענשען.

אַזוי זענען זיי אָנגעקומען אין דרויסען פון דער מחנה, ביז צו דעם ווייטען, גאָלען סטעפּ, אַנטקעגען דער גרויסער, ווילדער וויסטעניש.

און דאָס קול פון דעם שופר איז געגאַנגען אַלץ שטאַרקער און טראָמ־

פייטען האָבען געהילכט אַלץ העכער — פּלוצלינג אָבער האָבען זיי זיך אי־בערגעריסען און עס האָט אַ מינוט לאַנג געהערשט אַ מורא'דיגע שטיל־קייט. דאָ איז פּינחס דער זוהן פון אלעזר דער כהן ארויפגעשטיגען אויף אַ זאמד־בערגעל און האָט געדעדט צום פאָלק און האָט געזאָגט:

„אין נאָמען פון גאָט און אין נאָמען פון משה'ן! — אָט אַזוי טהוט מען מיט אַ מענשען, וועלכער האָט פערשוועכט דעם שבת און האָט דעם צייכען, וועלכער איז צווישען גאָט און צווישען אונז אויף אייביג, נישט געהיטען: געטויט זאָל ווערען אַזאַ מענש און פערשניטען זאָל ווערען זיין נשמה פון זיין פאָלק, דען ווער עס טהוט אַנ'ארבייט אינ'ם טאָג פון שבת מוז געטויט ווערען — און דערום ווערט געטויט דער מאַן גוג, דער זוהן פון בכר, וועלכער האָט פערשוועכט דעם שבת, דען אַזוי האָט גאָט געבאָטען דורך מש'ן".

און דאָס פאָלק אַרום האָט עס געהערט און פורכט איז אַריבערגע־גאַנגען איבער זייערע ביינער.

און פון גרוים ביז קליין האָט דאָס פאָלק גערופען ווי פון איין מויל אַרויס: געטויט זאָל ער ווערען! געטויט זאָל ער ווערען!

די מענער האָבען גערופען, די פרויען האָבען גערופען, און אויך די קינדער —

און צווישען די קינדער איז געווען אַ קליין מיידעלע, וואָס איז געקו־מען גאָר צולעצט און האָט כמעט שוין אַלץ פערשפּעטיגט, דען זי האָט געהאַט אַ ווייטען וועג צו לויפען, פון דערהיים ביי איהר מאַמען אינ'ם צוויי־טען עק מחנה פון דער צווייטער זייט ביז אַהער — און געווען איז עס די קליינע יעקבה. ווען זי איז אָנגעקומען צום אָרט פון דער פערשטייניגונג, האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבען אַ גרויסער שטיין־הויפען הויך איבער דער ערד און דער געשטייניגטער מענש איז שוין געווען טויט.

זי האָט פון דעם, וואָס דאָ האָט זיך אָבגעטהון, דאָס מינדעסטע נישט געוואוסט, און האָט נישט געוואוסט, ווער עס איז.

דאָס מיידעלע האָט צונויפגעקליבען פון דער ערד קליינע שטיינדלעך, און שפּיעלענדיג זיך מיט זיי, האָט זי זיי אויך צוגעוואָרפען צום גרויסען שטיין־הויפען.

# סיני

צוויי פאַסטוכער: תחפנס און משה.

און יעדעס קינד אין די דערפער אַרום גושן האָט געקענט די דאָזיגע ביידע: דעם הויכען שטאַרקען תחפנס מיט דער גראָבער שטימע און די נאָך גרעבערע ווערטער, און דעם בלייכען ווייכען משה מיט די לאַנגע לאָקען און די פער'חלום'טע אויגען. ביידע זענען געוועזן פון דער יודישער סאָלאָניע, וועלכע איז געוואָרען עגיפּטיש; אָבער דענסמאָל האָבען נאָך גאָרנישט עקזיסטירט אַזעלכע גענויע גרעניצען צווישען איין שטאַם און דעם אַנדערען. צווימאָל איז דער פאַסטוך משה שוין געוועזן אין מוף און איינמאָל אויך אין נוא־אָמון אויף דער פערזאַמלונג פון די חרטומים און האָט דאָרט געהאַלטען זיינע רעדעס, און מען האָט דאָרט דערצעהלט פראָסט וואונדער פון דעם דאָזיגען יונגען רעדנער. תחפנס ווידער האָט געפלעגט מאַכען אויפזעהען דורך זיין גבורה און זיין איבערמענשליכע מוסקולקראַפט; דריימאָל שוין, בשעת דעם יום־טוב פון דעם נילוס־אַרויסשטייגען, איז ער געוועזן אין צוען אויף דעם צוזאַמענפאָהר פון די שטאַרקסטע מענשען און האָט זיך געראַנגעלט מיט זיי און איז יעדעסמאָל אַרוים אַ זיעגער.

די ביידע פאַסטוכער זענען געוועזן פון איין און דעמזעלביגען דאָרף און זענען געוועזן בעפריינדעט; זיי האָבען צוזאַמען די סטאַדעס זייערע געפיהרט ביז אין די מדבר אַריין צווישען די בערג און האָבען געפלעגט קומען ביז צום דעם סיני און ביז צום חורב און אַזש ביז דעם באַרג מור. און ביידע האָבען זיי ליעב געהאַט דאָס דאָזיגע וואַנדערען; איינער — כדי די בערג־לופט איינצואָטעמען און די שטאַרקע מוסקולען נאָכמעהר צו שטאַרקען, און דער צווייטער — כדי צו קענען פריי חלום'ען שטענדיג אונטער דעם פרייען, בלויען, ווייטען הימעל.

איינמאָל זענען זיי ביידע געוועזן מיט די סטאַדעס אין דער מדבר.

„הער נאַר“, האָט תחפּנס געזאָגט, צוקומענדיג פּלוצלינג צו משה׳ן. „יעצט מוזען מיר געהן זוכען די ציעג. קום, וועסטו מיר העלפען“.

„די ציעג?“ האָט משה נעזאָגט ווי פון מיטען א חלום אַרויס. „וואָס פאַר א ציעג?“

„די שוואַרצע ציעג, די פון רעמסס דעם בעקער. די דאָזיגע ציעג פעהלט מיר שוין זינט אינדערפריה. איך האָב שוין, צוזאַמען מיט די הינד, דורכ־געזוכט דאָס גאַנצע טאָל ביז אַנטקעגען דעם סיני, איך האָב אָבער מורא, אז איך האָב נישט דעם ריכטיגען וועג גענומען. און יעצט, זעהסטו, ווערט באַלד צופאַלען די נאַכט און די וועלף וועלען זיך נעהמען צו דער ציעג. מיר מוזען זיך איילען און זי זוכען צווישען די בערג־אָבהאַנגען“.

משה איז האַלב־פערשלאָפען און מיט פוילע טריט פאַמעליך נאָכגעגאַנ־גען נאָך זיין חבר. די סטאַדעס האָבען זיי איבערגעלאָזען ביי די יונגלעך און זייערע הינד, און זיי האָבען מיטגענומען נאָר דעם גרויסען שאָף־הונד און זענען אַרויף אויפ׳ן באַרג.

זיי האָבען געזוכט א שעה און האָבען נישט געפונען. און תחפּנס האָט געזאָגט: „מיר וועלען זיך צעשיידען. איך וועל געהן אַרויף, און דו פּרוב לאָז זיך אַראָב צו די שטרויכען פון מור ביז צום סנה, און אויך דעם הונד קענסטו מיטנעהמען מיט זיך, דען איך בעדאַרף איהם נישט“.

משה איז אָנגעגאַנגען עטליכע טריט צו דער זייט פונ׳ם סנה, און דאַן האָט ער זיך אוועקגעזעצט. דער הונד האָט אויף איהם געוואַרט עטליכע מינוט און האָט זיך געדרעהט אהין און אהער און האָט אָהן אויפהער גע־שנופעלט מיט דער נאָז און איז יעדעסמאָל צוגעגאַנגען אונגעדולדיג צו זיין הערר, צו זעהן, אויב ער געהט שוין. ווי אָבער ער האָט געזעהן, אז ער ריהרט זיך נישט, האָט ער מיט איינמאָל דערלאַנגט א וויטען שפּרונג און האָט אַרויסגעלאָזען א משונה׳דיגען ביל און מיט גרויסע שפּרונגען איז ער אַרויף אויפ׳ן באַרג, אום צו דעריאָגען תחפּנס׳ן.

דערווייל איז זיך תחפּנס אַרויף אויפ׳ן באַרג און האָט דורכגעזוכט צווישען אַלע פעלזען און הינטער יעדען שטרויך, און אַזוי זענען אין זוכע־ניש פאַרביי עטליכע שעה. ווי ער איז צוריקגעקומען, האָט ער געטראָפען משה׳ן זיצענדיג נאָך אויף דעמזעלבען אָרט, וואו ער האָט איהם געלאָזען.

„וואָס איז דאָס אַזעלכעס, מיך ווּעסטו לאָזען זוכען און דו וועסט דאָ זיצען און שלאָפען?" „איך בין נישט געשלאָפען", האָט משה געענט־פערט.

תחפנס האָט קיין וואָרט מעהר נישט גערעדט און איז ווייטער אַוועק, אַהין צום סנה. נאָך עטליכע שעה האָט דער הונד דערשמעקט די שוואַרצע ציעג פון רעמסס דעם בעקער. און תחפנס האָט זי גענומען אויף די פּליי־צעס און האָט זיך מיט איהר אומגעקעהרט.

דאָ האָט ער געפונען זיין חבר זיצענדיג נאָך אויפ'ן שטיין, וואו ער האָט איהם געלאָזען.

„שטעה אויף, דאָ איז די ציעג!"

משה אָבער האָט קיין וואָרט נישט געענטפערט, דען דאַסמאָל איז ער געווען ווירקליך איינגעשלאָפען. תחפנס האָט איהם געמוזט וועקען.

„אָט דאָ איז די ציעג! שטעה אויף, ווּעלען מיר געהן. באַלד הויבט אָן צו טאָגען".

שטיל, אָהן אַ וואָרט ארויסצורעדען, זענען זיי אַראָב אין טאָל אריין. משה'ס פּנים איז געווען זעהר בלייך און זיינע קניה האָבען געציטערט. דער שטאַרקער תחפנס, וועלכער האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס הייסט מיעד זיין, האָט איהם געמוזט האַלטען.

דער מאָרגענשטערען איז גראָ אויפגעגאַנגען, ווי זיי זענען אָנגעקומען צו די סטאַדעס.

## II

אין צוען-מצרים האָט מען געפייערט דעם נילוס-יום-טוב. דעם דאָזי־גער יום־טוב אין אַ קלענער אין פערגלייך צו דעם איזיס און אזירים־יום־טוב אין מוף אָדער צו דעם אַפּיס־יום־טוב אין נוא־אָמון. נאָר די איינוואוי־נער פון די נאָהנטסטע שטעדט און דערפער אַרום, די אַרבייטער און די פּאַסטוכער און די בויער פון פּרעה'ס מאַגאַזין־שטעדט, קומען צו דעם דאָ־זיגען יום־טוב צוצוקוקען זיך צו די טענץ און די שפּיעלערייען, צו די שפּרינגער און לויפער און צו די קעמפער, וועלכע ראַנגלען זיך נאַקעטער־

הייט. טיילמאָל קומען פון די ווייטערע ערטער אויך די מבינים, אום צו זעהן, אויב עס איז עפּעס דאָ צווישען די זיעגער איינער אַ רעכטער קעמ־פער, וועלען זיי איהם אַוועקפיהרען אין די גרויסע שטעדט צו די גרויסע ימים־טובים, כדי צו ווייזען זיינע שטיק פאַר די גאָר גרויסע אין לאַנד.

פערצעהן יונגעלייט זענען אַרויס אויף דעם קאַמף־פּלאַץ, די טראָמ־פּייטערס האָבען געטראָמפּייטערט און די אויפזעהער האָבען געגעבען אַ סיגנאַל: די קאַמפען האָבען זיך אָנגעהויבען. דריי מאָל האָט יעדער שפּרינ־גער דאָס רעכט זיך צו פּרובען, און ווען עס געלינגט איהם נישט אַריבער־צושפּרינגען דעם אָרט, וועלכער איז אָנגעצייכענט, מוז ער אַראָב פון קאַמפס־פּלאַץ. איינער אַ שפּרינגער מיט דעם נאָמען פּיתום איז געשפּרונגען און עס האָט זיך איהם איינגעגעבען; אַ צווייטער, מיט דעם נאָמען און, איז דעסגלייכען געשפּרונגען און אויך איהם האָט עס זיך איינגעגעבען, און ראַן איז אויך תחפּנס געשפּרונגען און עס האָט זיך איהם איינגעגעבען באַלד ביים ערשטען מאָל, און נאָר דער שפּרינגער פּוטי איז געפאַלען און ראָט זיך אַ פּוס אויסגעלענקט. דאַן האָבען די טראָמפּייטערס צום צווייטען מאָל טראָמפּייטערט און די אויפזעהער האָבען געגעבען אַ סיגנאַל: די לויפער האָבען אָנגעהויבען. דאָסמאָל זענען עס נאָר געווען זיבען יונגע מענשען, וועלכע האָבען זיך געשטעלט אויפ׳ן קאַמפס־פּלאַץ; די איבעריגע זענען נישט מעהר געווען פעהיג צו דעם לויף־קאַמף. און איז געווען דער ערשטער, וועלכער איז שיער־שיער נישט צוגעקומען ביז צום ציעל, און נאָך איהם איז געווען פּיתום און דאַן ערשט תחפּנס; תחפּנס׳ענס פריינד אָבער, וועל־כע האָבען שטאָלצירט מיט איהם, האָבען איהם אונאויפהערליך אויפגע־מונטערט און האָבען אַלע ווילדע געשריען: בראַוואָ, און אין דער לעצטער סעקונדע איז תחפּנס פאָרט געווען דער, וועלכער איז געקומען און גע־שטאַנען דער ערשטער ביי דעם ציעל. דאַן האָבען די טראָמפּייטערס ווידער טראָמפּייטערט און די כהנים האָבען געגעבען דעם סיגנאַל: די קעמפער, וועלכע ראַנגלען זיך, זענען אַרויסגעטרעטען. דאָסמאָל זענען עס געווען בלויז נאָך צוויי, און די איבעריגע האָבען זיך גאָרנישט מעהר געשטעלט: און און תחפּנס זענען געווען די צוויי קעמפער. די אויפזעהער האָבען אַרומ־געוואַשען זייערע קערפּער מיט וואָלענע טיכער און האָבען זיי געשמירט

מיט אייל, און דאַן האָט זיך דער קאַמף אָנגעהויבען. און האָט אָנגעכאַפּט תחפנס'ן פאַר זיינע שענקלען און האָט איהם דערלאַנגט אַ וואָרף און האָט איהם געוואָלט אַוועקלעגען אויף הינטערוויילעכטס. תחפנס אָבער האָט איהם אָבגעשטופּט מיט זיין פעלזען־פעסטען שטערען און דאַן האָט ער איהם אָנגעכאַפּט פאַר דער לינקער האַנד און האָט איהם די פינגער צונויפ־געקוועטשט, אַז יענער האָט אַזש אָנגעהויבען צו שרייען פאַר גרויס וועהטאָג, און אַזוי האָט ער איהם אַוועקגעלעגט אויף דער ערד. דאַן האָט זיך אָנגעהויבען דער קאַמף צום צווייטען, און דאַן צום דריטען מאָל, און יעדעסמאָל איז תחפנס אַרוס אַ זיעגער. די מענשען פון תחפנס'ענס דאָרף און אַלע זיינע בעקאַנטע פון די ערטער אַרום האָבען געריטשעט פאַר שמחה און פאַר שטאָלץ און האָבען געפּאַטשט אין די הענד און האָבען געשריען בראַוואָ, און דאַן האָבען זיי איהם אַוועקגעטראָגען אויף די הענד ביז צום אָרט, וואו די אויבער־אויפזעהער זיצען. דער ערשטער כהן האָט איהם אָנגעגעבען אַ ראָל פון פּאַפּירוס־פּאַפּיער געשריבען מיט היעראָגליפען־שריפט, דער צווייטער כהן האָט איהם בעשפּרענגט מיט וואַסער פון הייליגען נילוס, און דער דריטער כהן, דער כהן־גדול, האָט איהם מיט די אייגענע הענד אָנגעטהון די שילף־קרוין אויפ'ן קאָפּ.

אַ גרויסע מחנה האָט אַרומגערינגעלט תחפנס'ן און פון אַלע זייטען האָט מען זיך געדרענגט צו איהם, אום אויף איהם אַ קוק צו געבען, און אויך די מבינים זענען געקומען און האָבען אָנגעהויבען בעטאַפּען איהם די מוסקולען פון די אָרעמס און די מוסקולען פון די שענקלען.

„ווען נאָר ער וואָלט נאָך אויך לויפען אַ ביסעל בעסער ווי ער לויפט, וואָלט ער האָבען האָפנונג צוצושטעהן אינ'ם נעכסטען יאָהר צו די גבורים, וועלכע קעמפען אין נוא־אמון. בשעת דעם אַפּיס־יום־טוב", האָט איינער אָבגעזאָגט זיין מבינות. אַ צווייטער אָבער איז צוגעגאַנגען און האָט זיך אַראָבגעזעצט אויף דער ערד און האָט איהם בעטאַפּט דאָס דיקע פלייש פון די פיס און אויך די געלענקען פון די פיס.

„קום מיט מיר", האָט ער איהם געזאָגט, „ביי מיר וועסטו נאָך לערנען, און דו קענסט זיכער זיין, אַז נאָך אַ זעקסמאָנאַטליכען אונטעררוכט,

וועלכען דו וועסט ביי מיר נעהמען, וועסטו אין נוא־אַמון קריגען אפילו דעם אַפּיס־האַרקראַנץ".

די אויגען פון דעם יונגען קעמפּער האָבען געלויכטען.

„גנעה מיט איהם, געה מיט איהם", האָבען אַלע זיינע פריינד און בע־קאַנטע געררופען, און אויך זייערע אויגען האָבען געלויכטען.

III

דאַן האָט מען געמאַכט דאָס מאָהלצייט. נעבען די כהנים און די גרויסע הערן אויבענאַן איז געלעגען תחפּנס אויסגעשטרעקט אויף דער טריבונע; האַרט ביי איהם איז געשטאַנען דער דאָזיגער, וועלכער האָט געוואָלט זיין זיין לעהרער, און איז נישט מעהר אָבגעטרעטען פון איהם. און נעבען זיי זענען געווען די מענשען פון די דערפער אַרום און דאָס איבעריגע פאָלק.

פּלוצלינג האָט זיך משה בעוויזען מיט דער לירא אין דער האַנד. טריט־ביי־טריט איז ער געגאַנגען, און ווי אין חלום, ביז ער איז צוגעגאַנגען צו די כהנים. תחפּנס האָט איהם דערזעהן קומענדיג, און האָט זיך אויפגע־כאַפּט און האָט געוואָלט מאַכען אַנ'אָרט פאַר איהם נעבען זיך. מיט זיינע שטאַרקע אָרעמס האָט ער איהם אַרומגענומען.

„דו ווילסט זינגען?" האָט ער איהם געפרעגט, „גוט! אהער דאָ!"

און מיט דער שטאַרקער האַנד האָט ער איהם אויפגעהויבען אויף דער טריבונע אַרויף.

„שאַ, דער פּאַסטוך משה וועט זינגען דאָס ליעב פון תחפּנס'ן און זיין איבערמענשליכער גבורה!" האָבען געררופען די דאָרפסלייט, די בעקאַנטע פון תחפּנס'ן און זיינע פערהערער.

און משה האָט אָנגעהויבען — ער האָט אָבער נישט געזונגען דאָס ליעב פון תחפּנס'ן דעם זיעגער און נישט דאָ ליעב פון זיין איבערמענשלי־כער גבורה.

ער האָט עפּעס גערעדט ווי אין א חלום און האָט דערצעהלט די מעשה פון אַנ'אָוועגד, ווען עס איז געווען הייליג־שטיל אַרום און אַרום און ער מיט זיינע שאָף זענען געווען אויפ'ן פעלד נישט ווייט פון סיני. ער האָט

געהאט איבערגעצעהלט זיינע שאָף און זיינע רינדער און האָט געזעהן, אַז איינס פעהלט. דאָ איז ער געגאַנגען עס זוכען און איז אַרויפגעקלעטערט און געקומען אין די שפּאַלטען פון'ם באַרג. די נאַכט איז צוגעפאַלען, אַ גרויסער שטורמווינד האָט זיך פונאַנדערגעבושעוועט און די בליצען האָבען געצונדען צווישען די פעלזען און די דונערען האָבען געקלאַפּט צווישען די אונצעהליגע שטיין־היגלען, און ער אַליין איז נישט קיין מינוט שטיל געשטאַנען, נאָר איז געגאַנגען און געגאַנגען, איבער איילען־ברייטע אָבגערונדען, איז ער געשפּרונגען און אויף קרומע פעלזען־ווענד איז ער געקראָכען.

דער שטורם האָט זיך אַ ביסעל געהאַט געלעגט און ער אַליין איז מיט מיה און אַרבייט דורכגעקראָכען דעם אייכענוואַלד; פּלוצלינג — עפּעס אַ מערקווירדיגע ערשיינונג האָט זיך פאַר איהם בעוויזען. אַ גרויסער פייערפלאַם איז אַרוים פון'ם סנה, און דער סנה האָט געברענט און געברענט און פערברענט איז ער נישט געוואָרען, און אַ מלאך האָט זיך ארויסגעהויבען פון דעם פלאַם און אַ שטימע האָט געררופען: „משה! משה!" און ער אָבער האָט מורא געהאַט צוצוגעהן. דאַן ערשט האָט ער אַראָבגעוואָרפען זיינע שיך פון די פיס און איז צוגעגאַנגען אַ צוויי־דריי טריט; ווייטער אָבער האָט ער נישט געקענט. און די שטימע האָט ווייטער גערעדט און ער האָט זיך איינגעהערט און דאָס געזיכט האָט ער זיך פערדעקט און האָט מורא געהאַט צו קוקען.

און אַ רוישען פון פליגלען האָט זיך געלאָזען הערען, אַזעלכעס, ווי אַ מענשען־אויער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט.

און גאָטס כבוד האָט זיך בעוויזען — און ער שטעהט מיט אַ פעסט פערדעקט געזיכט, און פאַרט זעהען איהם זיינע אויגען.

און גאָט רעדט צו איהם רעדט ער: — געה, קעהר דיך אום קיין מצרים און מאַך מיר אַ פאָלק. ווייסטו, ווי אַזוי ס'ווערט אַ פאָלק געמאַכט?

די אַרבייטער און די ליידענדע רוף צו דיר, אַלע די דאַזיגע, וועלכע קרעכצען אונטער אַ יאָך און זיפצען פאַר צו גרויסער מיה און ווערען גערייניגט פון האַרען און פון אויבערהאַרען, און האָבען אין זייער לעבען גאָרנישט חוץ אַ האַרץ און אין דעם דאָזיגען האַרץ אַ ביסעל געפיהל, די דאָזיגע רוף צו דיר און רעד מיט זיי, און ציה זיי אַרוים פון'ם קנעכטען־

הויז, און לייז זיי אויס, און גיב זיי געזעצען און רעכט, און מאך זיי פאר א פאָלק.

און זעהסטו: אמאָל מאכט זיך, אז דער מענש בעשאפט א פּית־ום און א רעמסס, און אמאָל בויט ער ריעזען־בנינים אין הימעל אריין, פּיראמידען און אָבעליסקען, און אמאָל שטעלט ער אוועק ספינקסען, וועלכע זאָלען בלייבען שטעהן אויף אייביגקייטען; דאָס אַלץ אָבער איז גאָרנישט אנטקעגען דעם, ווען א מענש מאכט א פאָלק. און דו וועסט מיר מאכען א פאָלק!

געה, קום קיין מצרים און קום צו די עלענדע און אומגליקליכע, צו די, וועלכע זיפצען און קרעכצען, און זאָג זיי, אז זיי זענען קנעכט — און זיי וועלען דאָס נישט פערשטעהן; און זאָג זיי, אז זיי זענען אומגליקליך — און זיי וועלען דאָס נישט בעגרייפען; און זאָג זיי, אז זייער קוועהל איז גרויס, דער דרוק איז שטארק און זיי האָבען קיין כח שוין נישט צו איבער־האַלטען עס — און זיי וועלען דאָס נישט גלויבען; און מיט קראפט מוזט דו זיי אויפרייסען די אויגען, ביז זיי וועלען זעהן און פיהלען און בעגריי־פען זייער טיעף עלענד — און וועסט זיי אויסלייזען.

און א גרויסע מחנה וועט דיר נאָכגעהן, מענשען פון דער גרויסער פאמיליע, וועלכער ס'איז שלעכט און ביטער, און דו וועסט זיין זייער טאטע און וועסט זיי לערנען מענש און פריי צו זיין, און דו וועסט מאכען פון ווערימלעך — מענשען, און פון מענשען — א פאָלק, און פון זעמדלעך — א לאנד.

און פּיתום און רעמסס וועלען אָבגעמעקט ווערען פון דער ערד, און די פּיראמידען וועלען איינפאַלען, און די אָבעליסקען וועלען פערזונקען ווע־רען, און די ספינקסען וועלען אויך נישט מעהר זיין — און דאָס דאָזיגע פאָלק וועט בלייבען אייביג, דען דאָס פאָלק פון די אומגליקליכע קען נישט אונטערגעהן. דען דאָס עלענד האָט זיי געמאכט אויף אייביג.

און א רוישען פון פליגלען האָט זיך געהערט, אזעלכעס, ווי ס'איז נאָך קיינמאָל נישט געוועזן.

און דער סנה האָט אלץ ווייטער געברענט און געברענט און איך האָב מיר בעדעקט מיין געזיכט מיטביידע הענד, און פאָרט האָבע מיינע אויגען געזעהען און געזעהען.

IV

משה איז ענטשוויגען געבליבען. אויך אלע אנדערע ארום און ארום האבען געשוויגען, אלע זענען געווען טיעף ערגריפען.

פלוצלינג האט זיך אויפגעכאפט תחפנס.

„ליגען!" האט ער געשריגען רויט פאר כעס, „אלץ, וואס געהט איהם ארוים פונ'ם מויל, איז ליגען! אלץ פונ'ם אנהויב ביז'ן סוף איז אויסגע־טראכט! אין יענער נאכט בין איך דאך געווען מיט איהם צוזאמען, און די שווארצע ציעג האבען מיר געזוכט, רעמסס דעם בעקערס שווארצע ציעג! איך מיט איהם זענען מיר ארויף אויף די בערג. אבער א שטורמווינד איז דענסמאל נישט געווען! אדרבה, א זעהר שעהנער אווענד איז געווען. וואו האט ער געזעהן איילען־ברייטע אבגערונדען? וואס פלאפעלט ער מיר עפעס וועגען דונערען צווישען די בערג־פעלזען? וואס מיר א ברענענדיגער סנה? ווער מיר א מלאך און א גאט? שוא ושקר! איך שווער ביי פרעה'ס לעבען, אלץ פונ'ם אנהויב ביז'ן סוף איז אויסגעטראכט! — איך אליין בין מיר ארויף צו די פעלזען און איהם מיט דעם הונד האב איך געלאזען ביים סנה אנטקעגען דעם מור, און ווי איך ביז צוריקגעקומען, איז ער אלץ נאך גע־זעסען אויפ'ן זעלביגען ארט אויף א שטיין און איז געשלאפען. די גאנצע נאכט האב איך די ציעג געזוכט, און ווי איך בין פארטאגס צוריקגעקומען, האב איך איהם אלץ נאך געטראפען שלאפענדיג אויפ'ן שטיין. עס איז א חרפה און א שאנד אזוי צו זאגען ליגען!"

אלע ארום האבען געפילדערט און געשריען. משה איז געשטאנען און האט זיך קיין ריהר נישט געגעבען, און נאר זיינע פער'חלומטע אויגען האבען פערוואונדערט געקוקט אויף די דאזיגע מענשען און ער האט אויסגע־זעהן ווי איינער, וועלכער ווייסט גארנישט, וואס עס טהוט זיך דא און פאר־וואס פילדערט מען און שרייט מען. זיינע אויגען האבען ארומגעבלאנדזשעט ארום און ארום, ווי זיי וואלטען וואס זוכען. פלוצלינג האט ער דערזעהן דעם אלטען כהן; זיי רופען איהם „ברודער".

„לאָזט איהם צורוה!" האָט דער דאָזיגער אהרן גערופען, „איך מוז מיך פאַר זיינעטוועגען אָננעהמען!"

דער עולם אָבער האָט ווילד ווייטער געשריען און האָט אויפגעהויבען קולאַקעם.

— „צו וואָס זיך אָננעהמען פאַר זיינעטוועגען? טויטען זאָל מען איהם, טויטען דעם ליגנער!"

דאָ איז דער כהן צוגעגאַנגען צו משה'ן און האָט מיט דער לינקער האַנד איהם אָנגעכאַפּט פאַר דער פּלייצע און די רעכטע האָט ער געהאַלטען אויסגעשטרעקט פאַר זיך.

— „גיט איהם אונז אַרויס!" האָט תהפּנס גערופען — „ער איז אַ ליגנער!"

— „אַ ליגנער? — ניין, אַ דיכטער איז ער!"

V

און די דיכטונג איז געוואָרען אַנ'אמת.

פרעג דעם יונגעל, וועלכער געהט אין חדר אַריין מיט דעם ספר אונ־טער'ן אָרעם.

פרעג איהם: „וואָס ווייסטו וועגען סיני?"

און ער וועט דיר ענטפערען: „אויף דעם באַרג סיני האָט זיך גאָט ענטפּלעקט צו משה'ן, דעם העלד פון די נביאים, וועלכער האָט געזעהן גאָט פּנים און פּנים, ווי עס האָט איהם נאָך קיין שום ילוד־אשה נישט געזעהן, און איז לעבען געבליבען, און דער סנה האָט געברענט מיט פייער און פער־ברענט איז ער נישט געוואָרען, און גאָט איז אַראָבגענידערט צו איהם און האָט איהם געשטאַרקט און האָט איהם געהייסען געהן קיין מצרים, אַרויס־צוציהען די קינדער ישראל'ס פון קנעכטען־הויז און זיי צו געבען דאָס לאַנד פון זייערע עלטערן אברהם און יצחק און יעקב, און עס איז געווען, ווי פּרעה האָט האַרט געמאַכט זיין האַרץ" — — —

אין בין זיכער, אַז אַ גאַנצע שעה וועט ער דיר קענען דערצעהלען וועגען דעם באַרג סיני, וואָס גאָט איז אַראָבגענידערט אויף איהם מיט פייער

און האָט דאָרט געגעבען תורה און משפט פאַר דעם פאָלק ישראל און דאָס לאַנד, וועלכעס ער האָט צוגעשוואוירען זייערע עלטערן.

און טיילמאָל וועט ער אויך וויסען וואָרט פאַר וואָרט דיר צו איבער'חזר'ן די ווערטער, וועלכע גאָט האָט גערעדט דורך משה'ן אויף דעם באַרג סיני!

און נאָך יעצט נאָך טויזענדער יאָהרען!

ווער ווייסט נישט פון יענעם משה'ן? ווער ווייסט עפּעס נאָך וועגען יענעם תחפנס?...

און משה האָט געהייסען יענער דיכטער — און די, וועלכע האָבען איהם געהערט צום ערשטען מאָל, האָבען איהם גערופען לינגער!

## VI

די האָבען איהם אַזוי גערופען — אָבער דאָס וואָרט פון'ם דיכטער איז געווען שטאַרקער ווי די קראַפט פון'ם גבור.

געזיעגט האָט דער דיכטער. דער ערשטער, איבער וועלכען דאָס אומגליק איז געקומען, איז געווען תחפנס. ווייל ער האָט „געלעסטערט גאָט", האָבען זיי איהם אַראָבגעוואָרפען פון אַ שטיין־פעלזען אין די טיעפעניש אריין. שוין נאָך עטליכע טעג, ווי משה האָט געהאַלטען זיין רעדע, האָבען זיי איהם גע'הרג'עט. זיי האָבען גע'הרג'עט דעם מיאוס'ען אמת, אום צו קענען לעבעדיג מאַכען דעם חלום פון'ם דיכטער.

דאָס איז דאָס לעבען.

## VII

ביינאַכט איז געווען די פערזאַמלונג.

„זאָל דער חלום ווערען אַנ'אמת! סיני וועט זיין דער אָרט, פון וואַנען ס'וועט אַרויס אַ תורה פאַר אַלע פעלקער און צו וועלכען אַלע פעלקער פון דער וועלט וועלען זיך קעהרען. מיליאָנען מענשען וועלען זיך בוקען צו סיני", — האָט דער כהן־גדול געזאָגט.

„איך בין דער ערשטער, וועלכער וועט מודיע זיין, אז איך גלויב מיט'ן גאנצען הארצען, און דאס אלץ, וואס דער העברעאישער פאסטוך האט גע־רעדט, איז אמת וצדק!"

„און אויך איך גלויב!" האט געזאגט אלעזר דער כהן.

„און אויך איך!" האט געזאגט פינחס.

„אויך איך, אויך איך, אויך איך!" האט מען געשריען פון אלע זיי־טען.

און די גאנצע וועלט האט געגלויבט — און זיי האבען יעדען טאג גע־זעהען נייע וואונדער.

חוץ תחפנס'ן, וועלכען זיי האבען גע'הרג'עט, ווייל ער האט געלעס־טערט גאט, איז געווען נאר נאך איינער, פאר וועלכען זיי האבען מורא גע־האט, אז ער זאל זיך נישט אמאל מישב זיין און זאל ווידער אנהויבען צו רעדען גאר עפעס אנדערש: דאס איז געווען משה אליין. און זיי האבען אויך איהם גע'פטר'ט —

משה איז געשטארבען —

און קיינער ווייסט נישט ביז אויפ'ן היינטיגען טאג, וואו זיין קבר איז.

# דאָס קליינע מלאָכ'ל

(אַניאַראַבישע באָבע־מעשה)

אמאָל און אמאָל איז געווען... גאָר זאָגען מוז איך אייך, אז אַט די באָבע־מעשה, וואָס איך טהו אייך דאָ דערצעהלען, איז שוין אַ שעהנע עטליכע מאָל דערצעהלט געוואָרען און שעהנע עטליכע פּאָעטען האָבען זי, ווייסט גאָט, וויפיעל מאָל שוין בעשריבען, און איך — זעהט איהר — איך וויל זי אייך היינט נאָר איבערדערצעהלען; איבערדערצעהלען זי מיט מיין שוואַכער פּשוטער שפּראַך.

און ווייסט איהר וואָס נאָך? — גאָר אַמשענסטען און גאָר אַמבעס־טען האָב איך זי געהערט אַמאָל אויס דעם מויל פון אַנ'אַלטער טערקישער באָבע, אַט אין יענער גוטער גאָלדענער צייט, בעת מיין יונג בלוט האָט מיך פּערטראָגען צו ווייטע פעלקער און ווייטע לענדער און איך בין אַמאָל געבליבען צווישען אַראַבער אין אַ ווייטער אַראַבישער קאָלאָניע...

און אַט דאַכט מיר גאָר, ווי עס וואָלט זיין ערשט נעכטען געווען: אין גאָרטען אויף דער גראָזבאַנק זיצט די אַלטיטשקע. די זון איז זיך פּאַ־מעליך אונטערגעגאַנגען און די קינדערלעך זיצען אַרום און אַרום. יונגלעך און מיידעלעך, אייניקלעך און אוראייניקלעך, און אַלע האָרכען מיט גרויס כונה און מיט גליהענדיגע בעקעלעך, אַז עס זאָל נאָר חס וחלילה קיין איינ־ציג וואָרט נישט פערלוירען געהן. — זיס איז דאָס ליכט, וואָס גיסט זיך אַראָב פון די לעצטע שטראַהלען פון דער זון, בלוי איז די לופט אַרום און אַרום און קלאָר ווי קריסטאַל, און אַט זשוזשען גאָלדענע פּאַרביגע זומער־פויגעלעך אַהן אַ צאָהל דורך יענע לופט, אַז די קינדער פּאַטשען אַזש מיט די הענדטלעך און שרייען, אַז דאָס זענען קליינע, ליעבע מלאָכים'לעך...

און די אַלטיטשקע דערצעהלט און דערצעהלט.

איהר ווייסט דאָך, קינדערלעך — הויבט זי אָן — ווער אַללאה איז, וואָס וואוינט אויבען אין הימעל, און מסתמא ווייסט איהר אויך, אַז אַ חוץ

אללאה וואוינען דאָרט אויבען אין הימעל אויך טויזענדער און מיליאָנען מלאָכים, אַזוי אַז ביז צום היינטיגען טאָג קאָן מען דאָס באין אופן נישט דערגעהן, וואָס איז דאָרט מעהר פאַרהאַנען, צי מלאָכים צי שטערען. און אָט יענע גוטע ליעבע מלאָכים האָבען דעם גאַנצען ליעבען טאָג גאָרנישט וואָס צו טהון אַ חוץ פרעהליך און לוסטיג צו זיין, צו זינגען און צו לויבען, אללאה׳ס וואונדער צו דערצעהלען און אללאה׳ן אָבצוגעבען זיין שבח און זיין כבוד, און ווען אללאה דערהויבט זיך פון זיין אָרט, דאָ דערהויבען זיי זיך אויך און רופען אוים: הייליג! הייליג! הייליג! — דאָס איז די גאַנצע גרויסע תורה, וואָס זיי האָבען צו טהון דעם גאַנצען ליעבען טאָג, און ווען זיי ווערען אַ ביסעל מיעד און אָבגעמאַטערט פון אָט דער דאָזיגער שווערער אַרבייט, דאָ ווערען זיי פריי געלאָזט, און זיי מעגען דאַן טהון, וואָס זיי האָבען נאָר חשק. דאָ נעהמען זיי זיך צונויף און הויבען אָן צו שטיפען און צו רעגירען צו שפּרינגען און צו האָפּסען, צו קונדס׳ען און לצנות צו טרייבען, און דאָ הויבען זיי זיך אָן אַרומצוקייקלען אויף דעם גאָלדענעם זאַמד און אויף די בערגלעך ווייסע שטערען, אָדער כאַפּען זיך אָן איינס דאָס אַנדערע ביי די פליגעלעך, כדי צו שפּיעלען אין פערדלעך, אָדער קלויבען זיך אָן אַ פולען בוזעם ווייכע, קליינע שטערענדלעך און וואַרפען זיי דאַן איינס דאָס אַנדערע אין קאָפּ אַריין, אָדער כאַפּען אַ פּאָר פעדים לאַנגע דיקע שטראַהלען און בינדען דערמיט איינס דאָס אַנדערע אונגעריכטערהייט, און אַז איינעם געראָט אַזאַ מין קונדס׳ערייִ און חברה דערזעהט עס, דאָ פּלאַצען זיי אַלע אַרוים מיט אַ שטורמיש געלעכטער און רוישען און קלאַפּען מיט די ווייסע קליינע פליגעלעך און פרעהען זיך און רעגירען און רוישען און שרייען, ביז דער הימעל ווערט אַזש נישט צעפּלאַצט פאַר גרויס רעש. יאָ, יאָ, מיינע קינדערלעך! דאָ אויף דער ערד, אַז די יונגעלעך ווערען ווילד און מאַכען אָן אַ רעש, דאָ פּלאַצט אַמאָל די ערד פאַר גרויס רעש, אָבער אינ׳ם הימעל אַז עס מאַכט זיך אַמאָל אַזאַ מעשה, דאָ פּלאַצט פראָסט דער הימעל. זעהט איהר אָבער: אינ׳ם הימעל, ווען אַ קליין מלאָכ׳ל רעגירט אַביסעל צופיעל אַרום, דאָ רופט איהם אללאה אין אַ זייט און הויבט איהם אָן מוסר צו זאָגען און רעדט צו איהם רייד, וואָס נעהמען אָן ביים האַרץ און לייענט איהם פּאָר אַ גאַנצע תוכחה, אָדער עס מאַכט זיך אַמאָל אַז ער

לעגט אויף איהם ארויף דאָך עפּעס אַ קליינע שטראָף און שטעלט איהם אין אַ ווינקעלע פונ'ם הימעל, און דאָרט מוז נעבעך דאָס מלאכ'ל אַזוי לאַנג שטעהן, ביז זיין זינד ווערט איהם פערגעבען און ביז אללאה רופט איהם צוריק און ערלויבט איהם ווידער פאַר זיין הייליגען וואָלקען צו שטעהן. — און יעצט מיינע ליעבע איינקלעך און אוראייניקלעך, אַז איהר וועט זיין גוטע, אָרענטליכע קינדער און וועט אייביג פאָלגען, דאָ וועל איך אייך דער־צעהלען אַ מעשה, וואָס האָט אַמאָל פּאַסירט מיט אַזאַ קליין מלאכ'ל...

— דערצעהלט! דערצעהלט! דערצעהלט! מיר אַלע דאָ וועלען שוין זיין גוט און אָרענטליך און אייביג פאָלגען!

אַמאָל און אַמאָל איז געווען אינ'ם הימעל אַ מלאָכ'ל און זיין נאָמען איז געווען... יאָ, יאָ, דעם נאָמען האָב איך שוין פערגעסען... און דאָס איז געווען אַ קליין שעהן מלאָכ'ל, קליין ווי אַ חדר־יונגעל און שעהן ווי אַ שפּיעל־צייג. מיט פולע, רונדינע בעקעלעך און מיט בלוי אויגעלעך, וואָס האָבען געלויכטען ווי צוויי זונען, און מיט רויטע ליפּעלעך, ווי די קירשען, און מיט ווייסע פליגעלעך, ווי דער פריש געפאַלענער שניי; און דאָס דאָזיגע מלאָכ'ל איז געווען אַזוי זיס און אַזוי ליעב פון קאָפּ ביז צו די פיס, אָהן איין איינציגען פעהלער, און אויך זיין הערצעלע אין איהם איז געווען אַזוי זיס און אַזוי ליעב — דען ווען נישט דאָס, דאָ וואָלט ער דאָך גאָרנישט געקאָנט זיין קיין מלאָך. אָבער עס מאַכט זיך אַמאָל, אַז אויך דער הימעל האָט אַ פלעק און אויך אַ מלאך האָט אַ חסרון! נאַטירליך זענען דאָס נאָר הימלישע פלעקען און נאָר מלאָכים'דיגע חסרונות — און שטעלט אייך פאָר, אַז אויך אונזער מלאָכ'ל איז נישט געווען גאַנץ פריי פון אַ חסרון. אמת איז אמת. ער האָט נישט חלילה עפּעס אַנ'עולה געטהון אָדער אַ אַנ'עבירה אָדער אַ פערברעך, און נאָר אַ שטיקעל ליץ איז ער געווען און האָט ליעב גע־האַט אָפּט קאַטאָוועסלעך צו טרייבען, אַזוי אַז די איינוואוינער פון הימעל האָבען געקאָנט שרייען געוואַלד פאַר גרויס קרענקונג. און אללאה האָט אַלעס געזעהן און אָט זיך געמאַכט אוועקקוקען און האָט דעם ליעבען קינד גאָר־נישט געטהון דערפאַר, דען ליעב און זיס איז דאָס קליינע מלאכ'ל געווען אפילו ביי אַלע זיינע קאַטאָוועסלעך און אַלע זיינע געלעכטערלעך, און אללאה האָט איהם ליעב געהאַט און ער איז ביי איהם געווען דאָס מוזינעק'ל, און

אללאה האָט געמוזט יעדעס מאָל לאָבען און האָט איהם גערופען: קונדס — הויפּטזעכליך האָט אונזער מלאכ׳ל נישט געקאָנט לײדען מוסר־ספרים, ווי למשל די ערנסטע פּרקים פון׳ם קאָראַן, דען ער איז געװען אונגעדול־דיג צו זיצען שטיל און אויסצוהערען דעם שטײפען מוסר, און ער פלעגט זאָגען, אַז אַזעלכע הייליגע ספרים זענען נאָר געמאַכט פאַר מלאכים׳ס װע־גען אויף דער עלטער, אָדער פאַר מענשען׳ס װעגען װאָס װאױנען אויף דער ערד, און נישט פאַר יונגע קלײנע מלאכים׳לעך, װאָס האָבען גאָר ליעב צו הוליע צו געבען און זיך צו פרעהען מיט דעם לעבען. — אַמאָל האָט זיך געקאָנט מאַכען, אַז עפּעס אַ רוח האָט אַנגענומען אונזער קליין מלאכ׳ל, און עס האָט זיך איהם פערגלוסט אַ שטיף צו געבען, דאָ האָט ער זיך צוגע־כאַפּט שטילערהייט צו דעם אוצר פון שניי און האָט אַזוי לאַנג געלויערט ביז ער האָט אָנגעקריגן דעם שליסעל פון׳ם אוצר, און דאָ האָט ער פאַמע־ליך געעפענט דעם אוצר, און אַז ער האָט דערשמעקט, דאָס עס איז נאָך װאַרעמליך אויף דער ערד און די מענשען דרעהען זיך נאָך אַרום אין זײער־רע לײכטע פוטערדיגע מלבושים, דאָ האָט ער מיטאַמאָל אַראָבגעוואָרפען אויף דער ערד גאַנצע בערגלעך שניי, אַזוי אַז עס איז פּלוצלינג געוואָרען אונטען אויף דער ערד אַ פראָסט פון 20 גראַד און די מענשען האָבען אַזש געציטערט און געקלאַפּערט מיט די צייהן און האָבען גאָרנישט געקאָנט קלערען, װער איז דאָס דער בעל־מלאכה פון דער דאָזיגער פּלוצלינגער קעלט. אָדער עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט, אַז ער האָט געזעהן װי די פרומע מאַב־מעדאַנער לויפען אין דעם הײליגען חודש ראַמאַזאַן צו די נאַכט־תּפילות און ריכטען אָב אַ מין גאָטעס־דיענסט אונטער דעם פרייען הימעל, װי די מצוה איז, דאָ איז איהם אָנגעקומען פּלוצלינג זײן קונדס׳עריי, און ער איז געלאָפען גיך ביז צום סמבטיון העליון — דען אויך אויבען אין הימעל איז דאָ אַ סמבטיון — און האָט גיך געכאַפּט דעם מזל „עמער״, און האָט איהם פול געשעפּט מיט װאַסער און האָט דאָס װאַסער אַראָבגעגאָסען גלײך אויף דער ערד, און דאָ איז אונטען געװאָרען פּלוצלינג אַ שלאַגס־רעגען, און דאָס פרומע פאָלק אין מיטען בעסטען אָבריכטען זײער גאָטעס־דיענסט זענען נעביך משוגע׳נערהײט געלאָפען װי אין אַ מהומה, מיט די ספרים אין די הענד, און האָבען זיך נעבעך גאָרנישט געקאָנט קיין עצה געבען, און

אַז דאָס קליינע מלאָכ׳ל האָט דערזעהן די מהומה, וואָס ער האָט אָנגעשיקט אויף די פרומע מאַכמעדאַנער, דאָ האָט זיין הערצעל געלאַכט אין איהם פאַר פרייד און דאָ האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ מין שטורמיש געלעכטער און האָט געטאָמפּעט מיט די פיסעלעך אויף די בלויע פּאָדלאָגע פונ׳ם הימעל און האָט געשריען אויף אַ קול: הוראַ! — אַמאָל האָט ער געזעהן ווי די ליבטיגע לבנה שיינט אַראָב אויף דער ערד, און דאָ איז איהם אָנגעקומען פּלוצלינג זיין שטיפעריי, און ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און האָט אומגעדרעהט די גרויסע ליכטיגע שיסעל אויף די אַנדערע זייט, און אויף דער ערד איז פּלוצלינג געוואָרען פינסטער, פינסטער ווי אין אַ זאַק, און די אָרימע מענשען האָבען גאָרנישט געוואוסט, וואָס דאָ איז אַזוינס מיט זיי געשעהן, דען דער הייליגער „לוה״ האָט דאָך פּונקט נביאות געזאָגט, אַז עס וועט זיין ליכטיג. אָדער אַמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז אללאה האָט גענומען די לבנה און האָט זי איינגעשלאָסען אין איהר פוטערפאַס, כדי עס זאָל זיין פינסטער אויף דער ערד און די מיעדע מענשען זאָלען קענען זיס שלאָפען און אויסרוהען אַביסעל פון זייער גאַנצער שווערער פּראַצע, און דאָ האָט זיך אונזער זיס, קליין, ווילד מלאכ׳ל אויפגעכאַפּט און האָט זיך שטילערהייט אַריינגעגנב׳ט דאָרט, וואו די לבנה ליגט בעהאַלטען אין אללאה׳ס שאַפע, און דאָ האָט ער אַרויסגענומען די לבנה פון איהר פוטערפאַס און האָט אויסגעבויערט אַ לאָך אין די פּאָדלאָגע פונ׳ם הימעל מיט דעם עגבער׳ל פון זיין פעדער־מעסער׳ל, וואָס ער האָט געקריגען געשענקט צו דעם טאָג, ווען ער האָט אָנגעהויבען קאָראַן, און דאָ האָט ער די לבנה אַריינגעשטופּט אין אָט יענעם לאָך, און פּלוצלינג איז געוואָרען ליכטיג אויף דער גאַנצער וועלט; און דאָס מלאָכ׳ל האָט זיך אַנידערגעשטעלט הינטער דער לבנה און האָט אַראָבגעקוקט אויף דער ערד, צו זעהן וואָס עס טהוט זיך דאָרט, און דאָ זעהט ער וואָס פאַר אַ גערודער, וואָס פאַר אַ געפילדער, וואָס פאַר פערדרעהניש עס טהוט זיך דאָרט! דען די מענשען האָבען געגלויבט דעם „לוח״ און האָבען זיך פאַרלאָזט, אַז עס וועט זיין פינסטער און דאָ האָבען זיי געהאַלטען אין בעסטען מיטען פון זייערע שמד־שטיק און פערברעכען און עבירות: מענשען, וואָס האָבען גאָרנישט געזאָלט איינס דאָס אַנדערע קושען, זיי האָבען דוקא זיך געקושט און געהאַלזט מיט גרוים ליעב־

שאַפּט, און מענשען, וואָס איינער דעם אַנדערען האָט דוקא געוואָלט ליעב האָבען, זיי האָבען נעבעך זיך גאָרנישט ליעב געהאַט, און אדרבא, זיי האָבען זיך גאָר געשלאָגען און געפּאַטשט, איינער דעם אַנדערען, און דער אייגענער דער מאַן האָט געשלאָגען און געפּאַטשט זיין אייגען ווייב; און עטליכע פון די מענשען זענען אויפגעשטאַנען אין דער פינסטער אונטערצוגראָבען הייזער און אַרויסגעהן אויף גנבות און גזלות, און דאָ האָט פּלוצלינג די לבנה אָנגעהויבען שיינען און די גאַנצע וועלט האָט געזעהן זייער שענדליך טהון; און דאָס קליינע מלאָכ'ל האָט דאָס דערזעהן און דאָ האָט ער אָנגעהויבען צו פּאַטשען אין די הענדטלעך און צו טאָמפּען מיט די פיסלעך און צו שפּרינגען און צו שרייען און צו לאַכען אויפ'ן קול, אַז דער הימעל האָט אַזש אָנגעהויבען צו פּלאַצען פאַר גרויס רעש.

אָבער נישט בלויז מיט די איינוואוינער פון דער ערד האָט אונזער קליין מלאָכ'ל אַזעלכע קאַטאָוועסלעך געטריבען, דען טיילמאָל האָט זיך איהם גראָד פאַרגלוסט זיינע מחזקות אויך מיט די הימלס־לייט צו מאַכען. — אמאָל האָט ער געזעהן אבו־בקר, דעם הייליגען גרויסען נביא, זיצען אין אַ ווינקעלע און כאַפּען אַ דרעמעל. דען אבו־בקר איז אַן'אַלטער מאַן און איז מיעד און אָבעמאַטערט, און אַז ער זעצט זיך אַוועק אויף איין מינוט, דאָ בעפאַלט איהם באַלד אַ שלאָף; און דאָ איז אונזער מלאָכ'ל ביי איהם גראָד פאַרבייגעגאַנגען און האָט דערזעהן די טאַבאַק־פּושקע, וואָס דער אַלטער האַלט אין האַנד, און אָט איז אונזער מלאָכ'ל זיך אין די הימלישע קיך אַריינגעפלויגען, דאָרט וואו עס קאָכען זיך אַלע גוטע זאַכען פאַר די פרומע וועגען, און די גוטע זאַכען קאָכען זיך אין קעסעל מיט אַ סך זאַלץ אַ סך פעפער, ווי עס געהערט צו זיין; און דאָ האָט ער אַרויסגענומען זאַלץ און פעפער און איז גיך צוריק צו אבו־בקר'ן און האָט שטילענקערהייט איהם אַריינגעלעגט דאָס זאַלץ און דעם פעפער אין די פּושקע אַריין, און אַז דער אַלטער איז דערוואַכט און האָט גענומען אַ שמעק טאַבאַק ווי דער שטיינער איז, דאָ איז איהם דאָס זאַלץ און דער פעפער געשטיגען אין די נאָז אַריין, און דאָ האָט ער אָנגעהויבען שטאַרק ניסען, איינמאָל און צווייטמאָל און דריימאָל, אַז עס האָט גאָר נישט געוואָלט קיין סוף נעהמען, און דער אַלטער נעבעך איז געוואָרען צו שאַנד און צו שפּאָט ביי אַלע

יונגע מלאכים׳לעך, און אלע האבען געלאכט אויפ׳ן קול, און אונזער מלאכ׳ל האט געלאכט מעהר ווי אלע. אבער אזעלכע געלעכטערלעך, ווי ער האט זיך געמאכט מיט אבו־בקר׳ן, האט ער געמאכט אויך מיט מחמד׳ן און מיט זיין ווייב כדידזשא אליין.. אמאל איז ער זיך שפאציערען געפלויגען אין דעם גן־עדן העליון, און דא האט ער אויף א גראזבאנק אין גארטען דער־זעהן ווי מחמד זיצט מיט זיין ווייב כדידזשא, און מחמד האלט זיין קאפ אין זיין ווייב׳ס שויס, און איז ענטשלאפען געווארען, און כדידזשא, האלט אין דער האנד א קאם און קעמט איהם זיינע האר און רייניגט זיי, ביז זי איז אויך ענטשלאפען געווארען. דא איז אונזער מלאכ׳ל פאמעליך אויף די שפיץ נעגעל צוגעגאנגען, און האט צוגעבונדען כדידשא׳ס צאפ צו מחמד׳ס בארד, און האט זיי פעסט פערקניפט, און איז שטילערהייט אוועק פון דארט. ווי אבער די אלטע ליט זענען דערוואכט און האבען געזעהען, אז זיי זענען צונויפגעבונדען, האבען זיי זיך געוואלט גראד א ביסעל צור־ווערטלען, ווי דער שטייגער איז צווישען מאן און ווייב, און האבען גע־וואלט איינס פון דעם אנדערען אנטלויפען, און האבען אבער נישט געקאנט, דען זיי זענען דאך געווען צונויפגעבונדען, דא זענען זיי געווארען צום גע־שפעט פאר׳ן גאנצען הימעל, פון איין עק הימעל ביז צום אנדערען, און די מלאכים און די שרפים און די כרובים זענען ארויסגעפלאצט מיט א שטור־מיש געלעכטער ווי זיי האבען די דאזיגע זעלטענע ערשיינונג דערזעהען, דען אזעלכעס האבען די איינוואוינער פון הימעל נאך נישט געזעהען זינט דער הימעל שטעהט.

און אללאה האט געזעהן און געהערט און געוואוסט אלצדינג, וואס זיין ליעב מלאכ׳ל טהוט, און האט איהם געשוויגען און האט איהם קיין בייז וואָרט נישט גערעדט און האט איהם געלאזט ווייטער אזעלכע מעשיות אָב־ארבייטען, דען ער האט איהם זעהר ליעב געהאט, און טיילמאלם האט ער ביי זיך אין הארצען שטילערהייט זיך גאר געפרעהט איבער אלע יענע קונדס׳־עריען און אויסגעלאסענע מעשה׳לעך, וואס זיין ליעב, ווילד, אויסגעלאסען מלאכ׳ל פערפיהרט, און פלעגט ביי זיך זאגען: פרעה דיך, קונדס׳ל! — דען וויסען זאלט איהר, מיינע ליעבע איינקלעך און אוראייניקלעך, ס׳איז א ליגען וואס מען האט אויסגעטראכט, אז אללאה איז א בייזער און געהט

א גאַנצען טאָג אַרום מיט גרימצאָרן און רק ער דונערט און בליצט — אדרבא! אויך ער וויל, אַז דער הימעל זאָל אייביג זיין לוסטיג און פרעהליך און אַלעם זאָל זיין אויפגערוימט און אַלעם זאָל לאַכען און פרעהען זיך.

אָבער יעדע זאַך האָט אַ מאָס! ווי אונזער מלאָכ׳ל האָט איבערגעכאַפּט אביסעל דאָס שנירעל און זיין אויסגעלאַסענקייט האָט שוין גאָר קיין מאָס און גאָר קיין גרעניץ נישט געהאַט, דאָ האָט אויך אללאה נישט מעהר געקאָנט שווייגען און האָט איהם געמוזט אַביסעל בעשטראָפען.

איהר ווילט וויסען, קינדערלעך, ווי דאָס איז צוגעגאַנגען? — גאַנץ פּראָסט, זאָג איך אייך!

אין איין שעהנעם פריהמאָרגען קומט זיך אונזער מלאכ׳ל אין דעם שטאַל אַריין, דאָרט וואו עס שטעהט אַללאה׳ס „וואָגען" און דאָ כאַפּט ער זיך צו דער מלאכה און פיהרט אַרויס דעם וואָגען פונ׳ם שטאַל, און גיך לויפט ער צו די מזלות און נעהמט פון די צוועלף מזלות אַלץ, וואָס ער קאָן אָט יעצט ברויכען, למשל דעם מזל „לעמעל" און דעם מזל „אָקס" און דעם מזל „ציקעלע" און דעם מזל „לייב" און שפּאַנט זיי אַלע איין אין דעם וואָגען, און דאַן נעהמט ער דעם מזל „בויגען" און הענגט איהם אַריבער פאַרענט פאַר דעם וואָגען, אַז עס זאָל זיין מיט אַ דוגע פון פאָרענט, און דעם מזל „צווילינג" זעצט ער אוועק אין וואָגען אַריין און ער אַליין זעצט זיך אוועק אויף די קעלניע פאָרענט, און היידא! מיט אַ גרויס געטומעל און געפילדער און געדויש פאָהרט מען אין איין אימפּעט פון איין עק הימעל ביז צום אַנדערען עק! צום סוף אַז אונזער מלאכ׳ל איז אָנגעקומען אין די שעהנסטע און פאָרנעהמסטע גאַס פון דעם הימעלס גאַסען, דאָרט אין די הויפּט־גאַס אַריין, וואָס ווערט אָנגערופען „מילך־גאַס", דאָ האָבען פּלוצלינג די שטילע פאָרנעהמע איינוואוינער פון דאָרט דערהערט דאָס קנאַלען פון אַ בייטש און דאָס געדויש פון רעדער און האָבען זיך אַלע אויפגעכאַפּט אין איין ציטערניש, און די מהומה איז געווען גאָר אונבעשרייבליך, דען אַלע האָבען געמיינט, אַז אַ שונא איז פּלוצלינג בעפאַלען דעם הימעל, כדי מלחמה צו האַלטען, און די געפּלאַסטערטע שטיינער פון דער מילך־גאַס זענען צעזעצט און צעשפּרונגען געוואָרען פאַר גרויס איילעניש פונ׳ם וואָגען, און פון די שטיינער איז געוואָרען ברעקלעך און פון די ברעקלעך איז

געוואָרען שטערענדלעך — אָט ווי מיר זעהען עס טאַקי ביז צום היינטיגען טאָג. און אַלע איינוואוינער פון אויבען, פון איין הימעל ביז צום אַנדערען עק, האָבען אָנגעהויבען געוואַלד צו שרייען, אַז אַזאַ מעשה־רע האָט נאָך נישט פּאַסירט זינט דער הימעל שטעהט, און די עלטסטעלייט פון הימעל געדענקען נישט, אַז אַזאַ יונג, קליין מלאָכ׳ל זאָל זיך קאָנען אַזוינס אונטער־שטעהן, דאָס געשפּעט צו האָבען פון אַלטע בכבוד׳ע לייט, און די אַלטע האָבען אָנגעהויבען זיפצען און קלאָגען און אויקען, אַז „אפילו אין הימעל האָט מען אויך שוין מישטיינס געזאָגט קיין מנוחה נישט"! און דאָ האָבען זיי געהאַט בדעה אַהין צו געהן ביז צום הייליגען וואָלקען, און צו דערצעה־לען אַלצדינג, אַז אַללאַה אַליין זאָל וויסען וואָס זיין מוזיניק׳ל האָט אָנגע־מאַכט. נאָר איהר ווייסט דאָך, אַלטע לייט רעדען נאָר מיט דעם מויל און טהון טהוען זיי גאָרנישט! אָבער, זעהט איהר, דאָרט אין הימעל אויפ׳ן עק פון דער מילך־גאַס אין אַ פערבאָרגענעם ווינקעל וואוינט זיך די „בתולה", אָט יענע בתולה, וואָס איז אויסגערעכענט צווישען די צוועלף מזלות, און דאָס איז אַן׳אַלטע, פערגרינטע, אויסגעדאַרטע בתולה, וואָס האָט קיין מאַן נישט געקריגען, און זי זיצט דאָס אַלץ נאָך פעריאַדעט און פערביטערט און וואַרט אויף איהר דערלעזער, און זי האָט אַ געשליפען מיילעכעל און אַ שפּיציג צינגעל, אַז אַלע, וואָס וואוינען אויבען אין הימעל, כאַפּט אָן אַ פּחד, ווען מען דערמאָהנט איהר נאָמען. און דאָ איז די דאָזיגע „בתולה" געלאָפען אין איין אימפּעט אַהין ביז צום הייליגען וואָלקען, און אַז אַללאַה האָט זי דערזעהן אָנקומענדיג, דאָ האָט אויך ער, כביכול, אַ ציטער געגעבען, דען ער האָט גוט געקענט די געעהרטע „בתולה" און האָט וואויל געוואוסט, אַז אפילו דער שטן געהט איהר אויס׳ן וועג. אָבער דאָסמאָל האָט דאָך די „בתולה" רעכט. זעהר האָט זי רעכט! אַ אונרעכט איז אין הימעל געשעהן, אַ מעשה וואָס זאָל גאָרנישט געדאַכט ווערען, און עס איז גאָר נישטאָ קיין אַנדערע עצה, ווי דעם פערברעכער צו בעשטראָפען, און אפילו האַרט, זעהר האַרט, צו בעשטראָפען — און דאָ האָט אַללאַה גערופען צו זיך דאָס קליי־נע מלאָכ׳ל און האָט גערעדט צו איהם אַזוי: „מאַרש! מאַרש אַרויס פון הימעל און אַראָב אויף דער ערד, און דאָרט וועסטו צווישען די מענשען וואוינען און וועסט נישט מעהר אין הימעל אַרומוווירטשאַפטען. זעהסטו,

דו ביזט דאָך גאָרנישט ווי אַ מלאָך געווען, וואָס איז רעכטשאַפען און פרום און גוט, נאָר פראָסט ווי אַ מחבל ביזטו געווען, וואָס יעדע היילינקייט איז ביי איהם אַ געלעכטערעל און וואָס אפילו אַ „בתולה" איז ביי איהם גאָר־נישט קיין מיוחס, איהר אָבצוגעבען דעם געהעריגען כבוד. און דעריבער, מאַרש אַראָב אויף דער ערד, און דאָרט וועסטו וואוינען, ביז דער צאָרן פון דיינע פיינד וועט זיך אַ ביסעל האָבען געלעגט, און דאָ ערשט וועסטו קענען קומען צוריק צו אונז. אָבער וויסען זאָלסטו: נישט איך וועל דיך צוריק נעהמען אין הימעל אריין, נאָר דו אַליין מיט דיין אייגענעם כוח און מיט דיין אייגענעם פערשטאַנד מוזטו זעהן צוריקצוקומען, און פון הימעל וועט קיינער נישט זיין. וואָס וועט דיר דערביי עפּעס העלפען!"

און אַללאַה האָט געלאָזט אַ שווערען שלאָף פאַלען אויף אונזער מלאָכ׳ל און אין שלאָף האָט ער איהם די שניי־ווייסע פליגעלעך אָבגעשוירען.

ווי דאָס קליינע מלאָכ׳ל איז דערוואַכט געוואָרען, דאָ האָט ער זיך אויסגעריבען די אויגעלעך און האָט זיך אומגעקוקט אויף אַלע זייטען, און דאָ האָט ער געזעהן, אַז ער ליגט אויף דער ערד אין אַ גאָרטען אויפ׳ן פעלד, און אַ רויזען־ריח קיצעלט איהם ביי די נאָז־לעכעלעך, און זיסע ליכט־שטראַה־לען צעגיסען זיך איבער׳ן גאַנצען פּלאַץ, און זומער־פויגעלעך און זשוקעס שווימען אַרום אין דער קריסטאַל־ריינער לופט, און אויבען אין דעם בלויען ים אונטער׳ן הימעל פליהען אַרום די פויגעלעך און זינגען און זינגען, אָהן אַ סוף, אָהן אַ מאָס. דאָ האָט ער זיך געדרעהט אַהין און אַהער, און פער־וואונדערט האָט ער אַלעס אָנגעקוקט, און האָט גאָרנישט געוואוסט, וואו ער איז דאָ אין דער וועלט; און נאָר אייניציגווייז האָט ער זיך אָנגעהויבען צו דערמאָהנען, און דאָ האָט ער זיך דערמאָהנט און געדענקט אַלצדינג, וואָס האָט זיך מיט איהם אָבגעטהון אין די לעצטע פּאָר שעה און דאָ איז איהם פּלוצלינג געוואָרען עפּעס אַזוי אומעטיג און טרויעריג, און ער האָט אָנגעהויבען צו טראַכטען און צו טראַכטען. אָבער דאָס לאַנגע טראַכטען און די טיעפע מחשבות האָט אונזער מלאָכ׳ל פון תמיד אָן נישט ליעב געהאַט, און זיי זענען איהם געוואָרען לעסטיג אויך אַצינד, און דאָ האָט ער געלאָזט דאָס טראַכטען און דאָס קלערען, און האָט אָנגעהויבען מיט כונה בעטראַכטען און בעקוקען אַלעס אַרום און אַרום, און דאָ האָט

ער געזעהן, אַז דאָס אַלעס איז גאָרנישט אַזוי שלעכט, און אַלעס האָט איהם אָנגעהויבען צו געפעלען. און אויפגעכאַפּט האָט ער זיך און איז אַהין צום פרישען קוואַל, אין דעם טייך מיט די טאַנצענדיגע וועלען און מיט די קליינע און גרויסע פישעלעך, און די בלומען און די רויזען האָט ער מיט חשק בעטראַכט, און אַרומגעשפּרונגען איז ער פון בלום צו בלום און פון רויז צו רויז, און איז געווען גליקליך און צופריעדען, לוסטיג און אויפגערוימט, ווי נאָך קיינמאָל נישט. „איהר ליעבע זומער־פויגעלעך!״ — האָט ער גערופען — „וואו איהר וועט פליהען, וועל איך אויך פליהען און וואו איהר וועט טאַנצען, וועל איך אויך טאַנצען; אַלעס גלייך מיט אייך!״ און דאָ האָט ער געפּרובט אויפהויבען זיך פון דער ערד און מיטפליהען, אָבער — אַ צרה איז איהם געשעהן! — אַללאַה האָט ביי איהם דאָך צוגענומען זיינע פליגעלעך און ער האָט עס גאָרנישט געוואוסט, ־דען אַללאַה נישט צו גיך צוריק אויפ׳ן הימעל אַרויף. „גם זו לטובה! זאָל דאָס זיין האָט זיך געטראַכט: זאָל ער נאָר נישט קיין פליגעל האָבען און זאָל ער צום גוטען!״ האָט אונזער מלאָכ׳ל אויסגערופען און האָט זיך צוויי טרעהרען אויסגעווישט פון זיינע צוויי אויגען, פו דעם רעכטען און פון דעם לינקען אויג, איין טרעהר פאַר גרויס טרויעריגקייט און איין טרעהר פאַר גרויס שמחה — „ווי עס ווייזט זיך אויס, וועל איך שוין נישט קאָנען צוריק אויפ׳ן הימעל אַרויף, ביז מיינע פליגעל וועלען מיר ווידער אָנוואַקסען. אָבער אויך די ערד געפעלט מיר גאָרנישט שלעכט; זי איז גאָרנישט אַזוי שלעכט און אַזוי מיאוס, ווי מען האָט מיר אייביג אָנדערצעהלט אין הימעל! אדרבא, אַלעס איז דאָ אַזוי לוסטיג און אַזוי אויפגערוימט דעם גאַנצען טאָג, און קיינער פערלאַנגט גאָרנישט פון מיר, אַז איך זאָל געהן שטענדיג איינגעשפּאַנט אין דעם כאָמאָנט און זיין פרום און שטיל און געלאַסען פון אינדערפריה ביז ביינאַכט״. אַזוי האָט אונזער ווילד, זיס מלאָכ׳ל צו זיך גערעדט, און דאַן האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז אַרומגעשפּרונגען מיט די זשומעדיגע ביהנען און מיט ־די רוישעדיגע פליגען און מיט די קוואָקעדיגע פרעש און מיט די שרייעדיגע איידעקסען; און אללאה אויבען אין הימעל האָט דאָס אַלץ געזעהן און האָט זיך בעהאַלטענערהייט צוגעקוקט צו אַלעם, וואָס זיין ליעב מוזיניק׳ל טהוט, און זיין האַרץ האָט

זיך געפרייט און ער האָט איהם ליעב געקריגען טויזענדמאָל מעהר ווי פרי־
הער.

צומאָרגענס אינדערפריה, אַז עס איז טאָג געוואָרען, דאָ איז אונזער מלאָכ'ל אויפגעשטאַנען גאַנץ צייטליך און איז זיך אַביסעל געגאַנגען צווי־שען מענשען און האָט אָנגעהויבען צווישען מענשען צו ווײלען זיך — עט־ליכע טעג און עטליכע וואָכען איז זיך אונזער מלאָכ'ל אַזוי געווען צווישען מענשען, און זיי זענען איהם גאָר נישקשה געפעלען געוואָרען, און ער האָט איינגעזעהן, אַז זיי זענען טויזענדמאָל בעסער ווי זייער שם, וואָס מען האָט זיי געמאַכט אויבען אין הימעל, און דאָ האָט ער זיך זעהר געפרעהט מיט זיי און נאָר שטילערהייט האָט ער געמוזט לאַכען איבער זיי, אַז ער האָט זיך אַמאָל צוגעהערט צו זייערע חקירות און זייערע תורות און זייערע סיס־טעמען און פילאָזאָפיעס, וואָס איינער לערנט מיט דעם אַנדערען וועגען גאָט און וועגען הימעל, וועגען גיהנם און וועגען שטן, און יעדער מיינט אַליץ, אַז ער האָט דאָס דעם גאַנצען אמת שוין געפונען, און אַלע צוזאַמען זענען זיך דאָך טועה פון קאָפּ ביז צו די פיס און ווייסען דאָך לחלוטין גאָר־נישט, וואָס זיי רעדען; יעדעס מאָל האָט געמוזט אונזער מלאכ'ל שמייכ־לען — אָבער דעם אמת האָט אויך ער זיי נישט געזאָגט.

און אַזוי זענען אַוועקגעגאַנגען וואָכען און חדשים.

און זעהט איהר, מיינע קינדערלעך: איינציגווייז, איינציגווייז האָבען די מענשען אָנגעהויבען ביי איהם זייער חן צו פערלירען און האָבען אָנ־געהויבען ווערען אַביסעל נאַריש אין זיינע אויגען און זייער גרויסע און שטאַרקע חכמה האָט אָנגעהויבען פּלוצלינג ביי איהם אַ פּנים צו האָבען פון פּראָסטער נאַרישקייט, און אויך די וועלט האָט אָנגעהויבען אויסצו־קוקען ביי איהם ווי אַ נאַרישע לעסטיגע וועלט, און אַלעס איז איהם געוואָ־רען לעסטיג און לאַנגווייליג, און ער האָט דאַן געהאַט נאָר איין וואונש: צו ענטקומען פון דאַנען וואָס גיכער — און דאָ איז ער געוואָרען טרויעריג און אומעטיג און איז אַרומגעגאַנגען פערטראַכט און ווי פערחלומ'ט.

„קאָנט איהר מיך נישט אויפהויבען און מיטנעהמען ביז צו אַללאַה'ן, וואָס וואוינט אין הימעל?" האָט ער געפרעגט די פויגעל וואָס פליהען ביז צו די וואָלקענס. „מהיכא תיתא!" האָבען איהם די פויגעל געענטפערט —

„פון אונז ביז צום אָרט, וואו אַללאַה זיצט, איז סך־הכל נאָר איין טריט, און ווער נאָך קאָן, אַזוי גוט ווי מיר, דיך הויבען ביז צום הימעל?" — אָבער די דאָזיגע בעריהמערם האָבען נאָר געקאָנט זיך בעריהמען און מקיים זיין האָבען זיי גאָרנישט געקאָנט. ביז איבער׳ן דאַך פון דעם הויכען „מי־נאַרעט" האָבען זיי דאָס קליינע מלאָכ׳ל געקאָנט הויבען, און דאָ האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט און וויטער האָבען זיי שוין נישט געקאָנט, און דאָ האָט געמוזט דאָס מלאכ׳ל צוריק אַראָב מיט זיי אויף דער ערד, און איז שוין וויטער געווען אויף דער ערד ווי פריהער.

„איז נישט פאַרהאַנען דאָ עפּעס אַ געלעגענהייט, וואָס פאָהרט גראָד אין הימעל אַריין?" האָט דאָס קליינע מלאָכ׳ל אויסגערופען צומאָרגענס אינדערפריה, ווי ער איז געשטאַנען אין גאַס אויפ׳ן פעלד — „יאָ, יאָ, עס איז פאַרהאַנען, דו מוזט אָבער גיך מאַכען און נישט זוימען!" האָט איהם אַ שטאַרק, מעכטיג קול געענטפערט, און אין דער אייגענער מינוט איז אַ גרויסער מעכטיגער שטיין־אָדלער מיט לאַנגע מעכטיגע פליעגעל פאַרביי־געפלויגען איבער זיין קאָפּ אין דער הויך, און דאָ האָט אונזער מלאָכ׳ל זיך אַרויפגעכאַפּט אויף דעם דאָלערס פליעגעל, און אַזוי זענען זיי אַרויף אין די וואָלקענס אַריין און אַזוי זענען זיי צוזאַמען געפלויגען העכער און העכער, העכער און העכער, ביז זיי זענען געווען איבער די שפּיצען פון די העכסטע בערג, וואָס אַנ׳אייביגער שניי ליעגט אויף זיי; אָבער העכער פון די דאָזיגע בערג, האָט אויך דער אָדלער זיך נישט דערהויבען, דען ער האָט נישט געקאָנט מעהר, און פון דאָרט ביז צום הימעל איז דאָך פאָרט נאָך אַ שעהן שטיקעל וועג. „אויך דו ביזט נאָר אַ בעריהמער, אַ פּלוידער־זאַק!" האָט דאָס מלאָכ׳ל אויסגערופען און איז אַראָב פון דעם אָדלער און איז גע־גאַנגען צופוס און האָט זיך שטאַרק פערטראַכט.

„דו מוזט דיך צו די מענשען ווענדען — ציפּצעריפּ! ציפּצעריפּ!" האָט זדי אַ שוואַלב אָנגערופען, זיך ווענדענדיג צום מלאָכ׳ל — „זעהסטו, איך האָב מיט דעם מענש יאָהרענלאַנג געוואוינט, מירביידע האָבען איי־גענטליך איין דאַך נאָר געהאַט, און איך קען איהם, זאָג איך דיר, גאַנץ גוט און גאַנץ גענוי, און הער וואָס איך זאָג דיר: אַ חכם איז דער מענש, קלוגער פון אַלע בעשעפענישען אויף דער וועלט, און זיין עצה איז פּראָסט

געטליך, און דעריבער ראָט איך דיר: געה אהין צו איהם און ער וועט דיר שוין אנ׳עצה געבען — ציפּצעריפּ, ציפּצעריפּ!״

„דער מענש?!״ האָט זיך דאָס מלאָכ׳ל אָנגערופען און האָט זיך צע־לאַכט — „דו טרייבסט אודאי קאַטאָוועס מיט מיר, ווען דו זאָגסט: דער מענש איז אַ חכם; און איך, זעהסטו, איך האָב דאָך ביי איהם גאָר דאָס געגענטייל געזעהן!״

„דאָס איז מסתמא נאָר אַזאַ צופאַל געווען, און טאַקי נאָר דעריבער, ווייל געוועהנליך האָבען רק נאַראָנים מיט מלאָכים צו טהון״, האָט די שוואַלב געענטפערט — „אָבער פּרוב דיך נאָר און זוך גוט, וועסטו זעהן, וואָס פאַרא חכמים עס געפינען זיך צווישען די מענשען, און דו וועסט איינ־זעהן, ווי גערעכט איך בין — ציפּצעריפּ, ציפּצעריפּ!״

„אָמן, הלואי זאָל אַזוי זיין ווי דו זאָגסט!״ האָט דאָס מלאָכ׳ל געענט־פערט און איז אַוועק פון דאָרט און איז געגאַנגען העט, העט, ביז ער איז אָנגעקומען אין אַ גרויסע שטאָדט.

ענדליך איז ער געקומען צו אַ מענש, וואָס וואוינט אין אַ פּרעכטיגען הערליכען פּאַלאַץ, און דער דאָזיגער מענש האָט געהאַט אַ גרויסען ברייטען שטערען, און ווי דאָס מלאָכ׳ל האָט דערזעהן אָט יענעם שטערען, דאָ האָט ער ביי זיך געטראַכט: אין אַזאַ שטערען וואוינען נאָר גרויסע, הויכע גע־דאַנקען! און דער דאָזיגער מענש איז געזעסען ביי זיין קאַנטאָר־טיש, און ווי דער מלאָך איז שטילערהייט צו איהם צוגעגאַנגען, האָט ער גראָד גע־צעהלט די פּעקלעך וואָס זענען געלעגען אָנגעהויפט פאַר איהם: „איין מי־ליאָן — הונדערט מיליאָנען — טויזענד מיליאָנען״ — האָט דער מענש גערעדט צו זיך אַליין — „ווי עס ווייזט זיך אויס, האָב איך שוין מעהר מיליאָנען, ווי אַללאה האָט שטערען אין הימעל: מיינע געדאַנקען געהען אַלץ העכער און העכער און זיי שטייגען אַריבער איבער די גאַנצע וועלט און גרייכען ביז צו די ווייטסטע אינזלען, און ווער ווייסט, צי מיט מיין געלד וואָלט איך נישט זיין אימשטאַנד, מיר אַ הויז אויפצובויען אפילו אויף דעם העכסטען שטערען אין הימעל״. און אונזער מלאכ׳ל האָט דאָס אַלץ געהערט און האָט ביי זיך געטראַכט: „אויב אַזוי, דאָ האָב איך דאָך פונקט אַריינגעטראָפען צו אַזאַ מענש, ווי איך זוך! ווען דער דאָזיגער מענש

האָט באמת אַזעלכע גרויסע און הויכע געדאַנקען, וואָס שטייגען ביז צו די וואָלקענס און וואָס גרייכען ביז אין די ווייטע הימלען אַריין, דאָ ברויך איך דאָך נאָר צו וואַרטען ביז אַזאַ געדאַנק וועט אַרויס פון זיין שטערען, און דאָ וועל איך מיט איהם באַלד אַרויף גלייך אין הימעל אַריין", — און דער מלאך האָט געוואַרט און האָט געלויערט אויף אַזאַ געדאַנק. און ווי אַזאַ געדאַנק איז אַרויס פונ'ם מיליאָנער'ס קאָפּ, דאָ האָט זיך דאָס מלאכ'ל אַרויפגעכאַפּט אויף איהם און האָט אָנגעהויבען רייטען אויף איהם און איז געפלויגען און געפלויגען און איז געשוועבט און געשוועבט — און פון די מינוטען זענען געוואָרען שעה'ן און פון די שעהן'ן זענען געוואָרען טעג, און דאָס פליהען האָט גאָר קיין סוף נישט גענומען. אָבער ווי דאָס מלאכ'ל האָט אָנגעהויבען זיך גוט אַרומקוקען, דאָ האָט ער דערזעהן, אַז נישט געשטיגען זענען זיי, נאָר אַראָבגענידערט, נישט העכער זענען זיי געקומען, נאָר נידריגער און עס פעהלט נאָר נאָך אַביסעל און זיי וועלען זיך באַלד אַרומקייקלען אין דער בלאָטע דאָרט אין דער טיפעניש פון דער העל, אַנשטאָט וואָס זיי האָבען געמיינט צו קומען אין הימעל אַריין, און נישט ביז צו די שטערען זענען זיי אָנגעקומען, נאָר ביז צו די געלד־זעק, וואָס ליגען אויף דער ערד. דאָ האָט זיך אונזער מלאכ'ל מיט אימפּעט אויפגעכאַפּט און האָט גערעטעוועט זיין נשמה און איז ענטרינען געוואָרען, און ביי זיך האָט ער זיך געטראַכט: ניין, מיט עשירות קומט מען נישט אין הימעל אַריין!

דאַן איז ער געקומען צו אַ מענש, וואָס געהט אָנגעטהון אין גאָלד־געשטיקטע קליידער און וואָס ער טראָגט אַ שווערד אין דער זייט, בעזעצט מיט לויטער בריליאַנטען און עדעלשטיינער, און דאָס פנים פון דעם דאָזיגען מענש איז פלאַמען־רויט און איז פול מיט שטאָלץ און גרויסקייט און מאַכט און גבורה און זיעג. דאָ האָט אונזער מלאכ'ל באַלד פערשטאַנען, אַז ער איז דאָ אָנגעקומען צו איינעם עפּעס אַ גרויסען בעריהמטען העלד, וואָס האָט לענדער איינגענומען מיט זיין גבורה און פעלקער אונטערטעניג געמאַכט מיט זיין שטאַרקער האַנד; אַ מענש, וואָס די ווייטסטע אינזלען זענען נישט פאַר איהם צו ווייט און וואָס די הימעלס־זיילען קאָנען זיך נישט בעהאַלטען פאַר איהם, אַזוי אַז אַזאַ מענש וויל נאָר, דאָ שטרעקט ער אויס

זיין האַנד און כאַפּט אָן די הימלען ביי זייערע זײלען און שאָקעלט זיי אַבי־סעל אַהין און אַביסעל אַהער און שאָקעלט אַרויס פון זיי די שטערען און די מלאכים און די אַלע געטליכע וועזען — און דאָ האָט עס אונזער מלאכ׳ל שטאַרק אַהינגעצויגען צו דעם דאָזיגען וואונדערליכען מענש, און ער איז געשטאַנען און האָט געוואַרט און האָט געלויערט, און ווי עס איז אַרויס אַ געדאַנק פון דעם קאָפּ פון׳ם העלד, דאָ האָט זיך אונזער מלאכ׳ל צוגע־איילט און האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף איהם און איז געריטען אויף איהם און איז געפלויגען און געפלויגען און איז געשוועבט און געשוועבט — אָבער באַלד האָט דאָס אָרימע מלאכ׳ל איינגעזעהן, אַז שוין ווידער פיהרט גאָרנישט דער וועג אין הימעל אַריין, נאָר אין די העל אַראָב, אַ רויטער בלוטיגער ים מיט רויטע בלוטיגע וועלען האָט זיך אויסגעגאָסען פאַר זיינע אויגען, און זיי שוועבען אַלץ אויף רויטע בלוטיגע שיפלעך איבער יענעם רויטען בלוטיגען ים, און דער וועג געהט אַלץ נידריגער און נידריגער אין די העל אַראָב. דאָ האָט זיך אונזער מלאכ׳ל אויפגעכאַפּט מיט אימפּעט און האָט זיך געראַטעוועט זיין נשמה און איז ענטרינען געוואָרען, און ביי זיך האָט ער זיך געטראַכט : ניין, מיט גבורה קומט מען נישט אין הימעל אַריין !

אזוי לויפענדיג און נאָך אונטערוועגס זייענדיג, איז ער פערבייגעקומען פאַר אַ גרויס, הויך הויז, און אין דעם דאָזיגען הויז זענען קאַטעדרעס פאַר־האַנען און אויף די קאַטעדרעס שטעהען מענשען מיט גרויסע, דיקע ספרים ; אַלערהאַנד ספרים ; און די דאָזיגע מענשען האָבען טיעפע קנייטשען אין די שטערענס און האָבען קיין איינציגע האָר אויף די קעפּ נישט, און זיי שטעהען פאַר זייערע תלמידים און דרשנ׳ען פאַר זיי איבער די סודות פון די הימלען און איבער די סודות פון גאָט — אַזוי אַז עס איז טאַקי נישט פאַרהאַנען קיין איינציגע זאַך, וואָס די דאָזיגע חכמים און פּראָפּעסאָרען זאָלען נישט גאַנץ דייטליך וויסען, און אונזער מלאכ׳ל האָט זיך אָבגע־שטעלט און האָט געוואַרט און האָט געלויערט אויף איינעם פון די גרויסע און הויכע געדאַנקען, וואָס וועט אַרויס פון איינעם פון דער חברה. און האָט געוואַרט אַ טאָג און האָט געוואַרט עטליכע טעג און האָט געוואַרט עטליכע וואָכען און עטליכע חדשים — אָבער אומזיסט, ידען ביי דער חברה איז

כלל נישט קיין געדאנק און קיין רעיון און קיין מחשבה פארהאנען. דא האט אונזער מלאכ׳ל ביטער אויסגערופען „אך, איך האב א טעות געהאט! דאס פאלק דא איז א פאלק גאנץ אהן געדאנקען, און איך האב נאר אומזיסט די צייט פערבראכט און געווארט!״ און דא האט ער זיך אויפגעכאפט מיט אימפעט און איז אנטלאפען געווארען ווי ווייט די פיס האבען איהם גע־טראגען, און ביי זיך האט ער זיך געטראכט: ניין, מיט חכמה קאן מען נישט אין הימעל אריין!

„עס איז פארט אביסעל שווערער, ווי איך האב ביים אנפאנג געמיינט!״ האט דאס מלאכ׳ל געטראכט ביי זיך, און האט געלאזט זיין קאפ אראבהענ־גען און איז געווארען אומעטיג און פער׳מרהשחרה׳ט. און דאס קליינע מלאכ׳ל האט געוואנדערט שטאדט איין, שטאדט אויס, לאנד איין, לאנד אויס, און האט געוואנדערט וואכען און חדשים לאנג, און האט געוואנ־דערט פון איין פאלק צום אנדערען פאלק, פון איין מדינה צו דער אנדערער מדינה, און צום סוף איז ער אנגעקומען ווידער צו יענעם ארט אינ׳ם גאר־טען אויפ׳ן פעלד, דארט וואו ער איז דערוואכט דאס ערשטע מאל נאך זיין אראבקומען פון הימעל אויף דער ערד.

און דער זומער איז געלעגען אויסגעגאסען אויפ׳ן גאנצען לאנד און עס האט געגלאנצט און געשיינט, און דער רויזען־ריח איז זיך צעגאנגען איבער די גאנצע ערד, און זומער־פויגעלעך און זשוקעס און ביהנען האבען געטאנצט אין דער ווארימער קריסטאל־ריינער לופט, און די פויגעלעך אונ־טער דעם בלויען הימעל האבען געזונגען. אויף דעם גראז אבער אין דעם גארטען איז זיך געלעגען אויסגעשטרעקט א יונגערמאן, און זיינע אויגען זענען געווען אויפגעהויבען צום הימעל, און ווי ער האט אזוי געקוקט אין הימעל אריין, דא האט זיין פנים גאנץ קלאר עדות געזאגט אויף איהם, אז יעצט איז ער ווייט פון דער ערד און פון דער וועלט און פון אלעם, וואס טוט זיך דא אב ארום איהם אויף דער וועלט, דען זיין גייסט שטייגט יעצט אלעמאל העכער און העכער, און שטייגט ביז צו דעם ארט, וואו די וואל־קענס זענען, און פון די וואלקענס שטייגט ער צום הימעל, און פון הימעל שטייגט ער ביז צום קדשי־הקדשים פון דער זון, און פון דער זון שטייגט ער ביז צום ארט, וואו דער כסא הכבוד שטעהט און וואו עס זיצט אללאה

גאָר אַליין. — אָט דאָ האָט אונזער מלאָכ׳ל אַריינגעקוקט אין די אויגען פון דעם דאָזיגען יונגענמאַן, און ער האָט געזעהן, אַז די אויגען לויכטען ווי די זון און די לבנה און אַלע שטערענס צוזאַמען, און אָט אָט שטייגט אַרויס אַ בליץ פון דעם אויג פונ׳ם יונגענמאַן, און ווי דער בליץ שטייגט אַרויס, דאָ שטייגט ער אַלעמאָל העכער און העכער, העכער און העכער, און דאָ האָט אונזער מלאכ׳ל גיך זיך אָנגעכאַפּט אין אָט יענעם בליץ און האָט זיך אויף איהם אויפגעכאַפּט און איז אויף איהם געריטען און — עס האָט נישט געדויערט קיין רגע, דאָ איז אונזער מלאכ׳ל שוין געווען אין הימעל און איז שוין געשטאַנען צווישען די טויזענדער פון זיינע ברידערלעך, וואָס האָבען אויף איהם אונגעדולדיג די גאַנצע צייט געוואַרט.

„מאַלאַדיעץ!“ — האָט אַללאַה אויסגערופען און האָט געקלאַפּט אונ־זער קליין מלאָכ׳ל מיט לייטזעגליקייט אויף די פּלייצעס — „אָבער זאָג מיר וועניגסטענס, ווער דער דאָזיגער מענש איז, וואָס אַז ער בליצט נאָר מיט דעם אויג, קען ער ברענגען אין הימעל אַריין וועמען ער וויל נאָר?“

„איך ווייס נישט“, האָט דאָס קליינע מלאָכ׳ל געענטפערט.

און אַללאַה האָט מיט זיין ווייכער האַנד געגלעט די ווייכע, זיידענע לאָקען פון אונזער קליין מלאָכ׳ל און האָט געשמייכעלט און האָט געזאָגט:

„דאָס איז דער פּאָעט!“

# ליליט

מיט פיעל, פיעל יאהרען צוריק האט געלעבט אין פשיסכע א סופר, נאך גאר א יונגער מענש, אנ'עהרליכער און זעהר גאטספארכטיגער. ער פלעגט זיצען אין א קליין בוידעם־שטיבעל, אבגעזונדערט פון אלע ערדישע נארישקייטען און אבגעשיידט פון יעטוועדער תאוה, און שרייבען גאנצע טעג ספר־תורה'ס, תפילין און מזוזות. גערופען האט מען איהם ר' ראובן בחור. רב — ווייל די מענשען האבען איהם זעהר געשעצט, און בחור — ווייל ער האט נישט געוואלט חתונה האבען, טאמער וועט איהם דאס ווייב שטערען אין זיין הייליגער ארבייט. די זון האט געשיינט אין מיטען הימעל, די לבנה האט ארויסשפאצירט לויכטענדיג צווישען דער בלויקייט אין די וואלקענס — ער אבער האט גארנישט געוואוסט און גארנישט געזעהן. דורך די קלייכעדיגע אותיות מיט זייערע וואונדערליכע תגין, וואס ער פלעגט שרייבען אין גרויסער הייליגקייט און ריינליכקייט און מיט אלע כונות וועלכע ליגען אין יעדען אות און אין יעדען תג, האט ער געמיינט צו שטיצען מיט זיינע ארימע כחות די בעמיהונגען פון די גרויסע צדיקים — אפשר וועט גראד איהם געלינגען צו ברענגען די גאולה. יעדער יוד דארף דאך פרובען. אפילו דער געמיינסטער טאר זיך נישט אבזאגען צו בעטייליגען זיינע שוואכע קרעפטען אין דער גרויסער זאך. ביי יעדער פרשה, וואס ער האט געשריבען, פלעגט ער זיך טובל זיין מעהרערע מאל אין מקוה. דער יאך פונ'ם שעבוד ציהט זיך אזוי לאנג, דער גלות איז אזוי שווער, אז עס קלעקט פשוט קיין כח נישט אריבערצוטראגען, און אויך די עבירות ווערען אלץ שטארקער — ווער ווייסט? אפשר דורך זיין קליינער אנשטרענגונג וועט עס ענדליך געלינגען. — אויגען האט ער געהאט קליינינקע, נאר ס'מאל פלעגט אין זיי אויפבליצען עפעס א העלע שיין, אז זיין פנים, וואס איז לכתחילה נישט שעהן געוועז, פלעגט פלוצים פון זיך אליין זיך פערענדערען און שעהן ווערען. אבער זיין גוף איז געוועזן זעהר מאגער און איינגעטרוקענט,

שלאַבעריג און צעקנייטשט פון די פיעלע תעניתים, וואָס ער האָט געפאַסט, און אין זיין איינגעדאַרטען און בלייכען פנים איז קיין טראָפּען בלוט נישט געווען, און ער איז געזעסען און האָט געשריבען און געשריבען...

און אין פשיסכע און אין דער גאַנצער סביבה האָט מען וועגען איהם ממש נסים דערצעהלט.

ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד אין דער וויעג, האָט דער פאָטער זיי־נער, וואָס איז געווען אַ פשוטער שמש אין אַלטען בית־מדרש, איהם איינ־מאָל, גענומען און איינגעהילט אין אַ טלית און געבראַכט צום רבי ר׳ בו־נעם, וועלכער האָט אין יענע צייטען אין פשיסכע געפּראַוועט חסידות אויפ׳ן הויכען שטייגער, און דער רבי ר׳ בונעם, וואָס איז געווען אַ סגי־נהור ר״ל, האָט איהם אַרומגעטאַפּט מיט זיינע דינע פינגער און דאָס פנים האָט איהם אָנגעהויבען צו שיינען. אַ כלי — האָט ער אויסגערופען און איז באַלד ענט־שוויגען געוואָרען, נישט צוגעבענדיג מעהר קיין וואָרט. ווען ער האָט דאָס זיבעטע לעבענס־יאָהר דערגרייכט און האָט קוים געקענט די צורה פון די אותיות, האָט ער שוין געשריבען פאַר זיין טאַטען די ערשטע מזוזה. ווען ער איז געוואָרען צוועלף יאָהר מיט ניין חדשים, האָט ער פאַר זיך אַליין די תפילין געשריבען, און זיי זענען געווען גאָר וואונדערליך. דער פאָטער איז דאַמאָלס געקומען צום רבי ר׳ בונעם און מיטגעבראַכט מיט זיך די פּר־שיות, אָבער דער רבי האָט איהם נישט אָנגענומען, און ער האָט זיי איבער־געלאָזען און איז אַוועק. ווען דער רבי ר׳ בונעם איז אָנגעקומען און האָט געפונען די פּרשיות, האָט ער זיי בעטאַפּט און דורכגעפיהרט זיינע דינע פינ־גער איבער די אותיות, ווי אַ שוחט פיהרט דורך די שפּיץ־פינגער איבער דער שאַרף פון אַ חלף, און ער האָט באַלד דערקענט און געזאָגט, וועמענס כתב דאָס איז: די דאָזיגע אותיות — האָט ער געזאָגט — האָבען אַ בעזונ־דערען ריח. און דערנאָך, ווען דער סופר איז געוואָרען אַכצעהן יאָהר אַלט און האָט געשריבען זיין ערשטע ספר־תורה, און אונטער דער צייט איז איהם דער פאָטער געהאַט געשטאָרבען, און ס׳איז נישט געווען ווער עס זאָל ברענגען די הייליגע יריעות צום רבי ר׳ בונעם און איהם זיי ווייזען, איז דער רבי ר׳ בונעם אַליין געקומען צו געהן און בעשטעלט ביי ר׳ ראובן בחור די ספר־תורה און איהם בעצאָהלט דערפאַר מיט גאָלדענע רענדלעך.

און דער רעש איז געווען גרויס אין דער גאַנצער סביבה. אַלע האָבען גערעדט וועגען ר׳ ראובן בחור און אַלע האָבען בעלאַגערט זיין שטוב, וואַרטענדיג אויף זיין אַרבייט. איז ווען מען געראָטען, אַז זיינע מזוזות זאָלען זיין געשריבען פון ר׳ ראובן בחור׳ס האַנד, איז ער געווען גענייגט צו גלויבען, אַז אַ סך פון זיינע עבירות זענען איהם פערגעבען געוואָרען. און האָט ווער געהאַט דאָס גליק צו האָבען תפילין פון ר׳ ראובנ׳ס הייליגען כתב, האָט ער זיך איינגעשמועסט, אַז ער האָט שוין געוויס אַ חלק לעולם־הבא. און ווער ס׳האָט נאָך גאָר זוכה געווען, אַז זיין ספר־תורה איז געשריבען געוואָרען פון דעם דאָזיגען הייליגסטען פון אַלע סופרים, איז ער זיכער געווען, אַז ער האָט זיך געקויפט אַ פּלאַץ איז גן־עדן. הונדערטער מענשען פלעגען קומען צו איהם בעשטעלען אַרבייט, נאָר ר׳ ראובן איז געווען פערנומען טאָג און נאַכט מיט שרייבען און ער האָט קוים בעוויזען צו בעפריעדיגען די בעדערפענישען פונ׳ם פאָלק אויף איינס פון הונדערט.

עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבען זיך מצער געווען דערויף, וואָס גראָד אַזאַ מענש האָט נישט קיין ווייב און זיי האָבען דערפאַר אין דער שטיל געמורמעלט געגען איהם. איינמאָל איז מען אַוועק צום רבי ר׳ בונעם און זיך געקלאָגט פאַר איהם אויף ר׳ ראובן בחור וועגען דעם. אָבער דער רבי׳ ר׳ בונעם האָט בנעימות׳דיג אַ שמייכעל געטהון און געזאָגט: לאָזט׳ס איהם געמאַכט, קינדערלעך! ער איז אַ שרוי בלא אשה *) זאָגט עט׳ס? — פּטור! אפשר איז ער גאָר אַ שרוי עם השכינה...**) און פון דאַמאָלס אָן האָט שוין קיינער מעהר קיין פּיפּס נישט געטהון.

און אַזוי זענען אַריבער טעג, און אַזוי זענען אַריבער יאָהרען.

*

איז זיך געשטאַנען אַ שטערען אין מיטען הימעל דריי אַ זייגער ביינאַכט, איינזאַם אַליין, און געפונקעלט. מיט טויזענדער יאָהרען צוריק איז

*) לעבט אָהן אַ ווייב.

**) לעבט מיט דער שכינה.

דער שטערען דאָ געשטאַנען און געפּונקעלט און אין טויזענדער יאָהרען אַרום וועט ער אויך אַזוי שטעהן און פינקלען. אין דערזעלבער צייט האָט זיך געלעבט אונטער אַ באַלקען פון עפּעס אַ איינזאַמען דאַך ערגעץ־וועןעפּעס אַ מענש, מיט אַ נשמה און מיט אַ גוף, וואָס אַמאָל לאַכט ער און אַמאָל וויינט ער, אַמאָל וויסט ער, אַז דער הימעל איז זיין און די ערד איז זיינע, און אַמאָל ווערט איהם ענג די גאַנצע גרויסע ערד, ס׳מאָל וויל אין איהם דאָס האַרץ צעשפּרינגען פון פיעל פרייד און פערגעניגען און ס׳מאָל קאָרטשעט זיך אין איהם די נשמה פון שרעקליכע יסורים, און ער אַליין וויסט נישט וואָס דאָס איז אַזוינס און וואָס איהם איז געשעהן. צום סוף ווערט פון אַזאַ מענש אַ הויפעןביינער, וואָס מ׳נעהמט איהם און מ׳בע־גראָבט איהם ערגעץ אין אַ פייכטער גרוב אין דער ערד, איהם מיט זיינע פריידען און ליידען ביינאַנד, און דאָרט פוילט ער ביז עס ווערט פון איהם אביסעל שטויב. אָבער אין טויזענדער יאָהרען אַרום וועט נאָך שטעהן דאָ אין דער הויך אין מיטען הימעל דערזעלבער איינזאַמער שטערען און וועט פינקלען. ווער וועט ביז אויף אייביגע צייטען וויסען, וואָס עס האָט געלי־טען דער דאָזיגער מענש און וואָס ער האָט זיך געראַנגעלט און געוועה־טאָגט טיעף אין זיין נשמה ? — שטעהט זיך אַ קאַלטער שטערען אין מי־טען הימעל און פינקעלט אין דער נאַכט.

איינמאָל — עס איז געווען אַ זומער־טאָג, אַ הייסער און שווערער טאָג, ווי די שווערע, פוילע און פייכטע היץ, וואָס הערשט פרייטאָג נאָכמי־טאָג אין מרחץ ; די וואָלקענס זענען געווען טונקעל און געדיכט, אָנגעהויפט ווי די סטויגעס, און האָבען געשוועבט איבער׳ן הימעל מיט אַ בעזונדערער האַסטיגהייט, ווי זיי וואָלטען זיך געדאַרפט איילען ערגעץ־וואו צו אַ בע־שטימטען ציעל ; דער הימעל איז דעריבער געווען עטוואָס פערכמאַרעט און אַרויסגעוויזען סימנים פון אבלות — נאָר ר׳ ראובן בחור האָט פון גאָר־נישט געוואוסט און גאָרנישט בעמערקט. געבוקט און איינגעבויגען איז ער געזעסען ביים טיש, געהילט אין טלית ווי זיין שטייגער איז געווען, די פעדער אין דער האַנד, איינגאַנצען אויסגעטהון פון גשמיות און פערזונ־קען מיט די מחשבות אין די אותיות וואָס פאַר איהם. אין דער מינוט האָט זיך געהערט אַ לייכטער קלאַפּ אין דער טיר, אַ שעהמעוודיגער און נישט

דרייסטער קלאפּ. ר׳ ראובן האָט עס נישט געהערט. ער האָט אין דער רגע געהאַט צו טיעפע כוונות. דאַן האָט זיך די טיר שטיל געעפענט — און דאָס צימער האָט זיך ווי אָנגעפילט מיט ליכטיגקייט. ר׳ ראובן האָט עס נישט בעמערקט. ער האָט געשפּירט מיט עפּעס א חוש פון אויסערהאַלב זיין נשמה, אז עס איז דאָ פאָרגעקומען עפּעס א שינוי אַרום איהם, נאָר ער האָט נישט געוואוסט וואָס אַזוינס. ער האָט מפסיק געווען און נישט מפסיק געווען. עפּעס ווי א פליעג וואָלט איהם געשטערט. ענדליך האָט ער זי אָבער מיט אַן׳ענטשלאָסענער האַנד־בעוועגונג אָבגעטריבען, האָט זיך צונויפגענומען און זיך בעפרייט פון דער צעטראָגענקייט, וואָס האָט איהם א ווייל̈ע בע־הערשט, און ער האָט זיך אומגעקעהרט צו דער אַרבייט און זיך ווייטער אין איהר פערטיעפט. ער האָט אין יענעם מאָמענט געדאַרפט אויפשרייבען די אותיות און תג׳ען פון דעם פּסוק: ולא תתורו אחרי לבבכם ואחרי עי־ניכם*).

אין דער אותו רגע האָט עפּעס א מענשליך קול דערלאַנגט צו איהם אין אויער. עפּעס האָט א מענשליך וועזען הינטער איהם געהוסט א ווייל̈ע און באַלד גענומען רעדען. ר׳ ראובן האָט געוואַלדיג אויפגעציטערט: רבו־נו של עולם, דאָס קול איז דאָך א קול פון א אשה. און אין דער זעלבער מינוט: „קול באשה ערוה...״**).

ר׳ ראובן האָט דעם קאָפּ נישט אויסגעדרעהט נאָך הינטען, נאָר זי־צענדיג ווי פריהער, האָט ער א פרעג געטהון הינטערוויי̈לעכץ:

„ווער? — אייגענטליך האָט ער געוואָלט פרעגען: „ווער איז דאָרט?״ אָדער „ווער איז געקומען?״ נאָר ער האָט מקצר געווען און זיך בענוגענט מיט דעם איינעם וואָרט „ווער?״ וועגען „אל תרבה שיחה עם האשה״***).

— דאָס בין איך: רבקה דעם שוחט׳ס...

די שטים איז געווען זעהר צאַרט, לויטער און קלינגענדיג, א שטים

---

*) איהר זאָלט נישט נאָכגעהן נאָך אייער האַרץ און נאָך אייערע אוי־גען.

**) א שטים פון א פרויענצימער איז שאַמהאַפט.

***) זאָלסט נישט צופיעל שמועסען מיט א פרויענצימער.

פון א יונג, צארט מיידעלע, כמעט נאך א קינד. ר׳ ראובנ׳ס פנים האט זיך אנגעברוגזט און שרעקליך זיך פערוואלקענט.

— וואס ?...

— די מאמעשי האט מיך אהערגעשיקט. מ׳האט היינט געקווילעט גענז ביי אונז, און מיר האבען פעדערען. אפשר דארף עם דער סופר צו האבען.

— לאז איבער...

— די מאמעשי האט געזאגט, אז וועגען געלד זאל איך נישט פרעגען. דער טאטעשי וועט זיין אין בית־מדרש צו מנחה, וועט ער דארט אבנעהמען פון סופר וויפיעל ס׳קומט.

— דארט...

דאס מיידעל האט אוועקגעלעגט אויפ׳ן פענסטער די פעדערען. ווען זי איז צוגעגאנגען צום פענסטער, איז איהר שאטען געפאלען אויף די יריעות פון דער תורה, וואס זענען געלעגען אויפ׳ן טיש, און האט געטאנצט אי־בער די אותיות. ר׳ ראובן איז געזעסען איינגעבויגען און אנגעלעהנט מיט׳ן שטערען אויף דער האנד. דאס מיידעל איז גיך ארויס.

ר׳ ראובן בחור האט איינגעאטעמט א פולען שלוק לופט. עס איז איהם, זעהט אויס, א שווערער שטיין אראב פון הארצען. אין דער ערשטער מי־נוט האט ער נישט געוואוסט, וואס צו טהון, ערשט שפעטער האט ער זיך מישב געווען. ער איז אויפגעשטאנען און איז אוועק זיך טובל׳ן.

אין עטליכע שעה ארום האט ער די גאנצע זאך פערגעסען. זיינע מחש־בות זענען ווידער געווען ריין און געלייטערט. עפעס א העכערע רוהיגקייט איז אויף איהם פלוצלינג געקומען; די גאנצע איינגעווייד אין איהם האבען געזונגען, טויזענדער פידלען האבען געשפיעלט, טויזענדער שופרות האבען געשאלט ערגעץ פון גרויסע און געוואלדיגע ווייטקייטען, פון בינטער׳ן פעלד און פון יענער זייט וואלד, האט דערלאנגט צו זיינע אויערען א קול פון א פויק. און ער האט נישט פערשטאנען, וואס פאר א שמחה איז דאס פלוצלינג און פון וואנען האט זי זיך גענומען. ס׳איז קלאר, אז די מקוה האט אויף איהם דאסמאל געהאט אזא וואונדערליכע ווירקונג. מיט גרוים חשק האט ער זיך געזעצט צום טיש און האט געשריבען שעה׳ן נאכאנאנד. די כונות זענען געווען טיעף, און דאס ליכט פון בעזונדערען חן. זיין איינגע־

דאַרט פּנים און זיינע קליינטשיקע אויגעלעך האָבען אָנגעהויבען שיינען.

נאָר דער גאַנצער פאַרפאַל איז איהם געוואָרען ווי נישט געווען, ער האָט עס שוין גאָרנישט געדענקט און עס איז איהם מעהר אויפ'ן זינען נישט געקומען.

און אַזוי זענען אַריבער די טעג און אַזוי זענען אַריבער די נעכט.

און אין די נעכט, שוין צום מאָרגען צו, איז געשטאַנען אַ שטערען אין מיטען הימעל אין דער הויך, אַקעגען דעם דאַך וואָס איבער דעם קליי־נעם בוידעם־שטיבעל, אַנ'איינזאַמער און קאַלטער שטערען, און האָט געפונ־קעלט.

און אַזוי זענען אַוועק אַרום דריי וואָכען.

איינמאָל, צום סוף פון דער דריטער וואָך — די נאַכט איז געווען אַ וואונדערליך רוהיגע, האַלב פינסטער האַלב ליכטיג, און די גאַנצע שטאָדט איז געלעגען פערזונקען אין שלאָף; עפּעס אַ בלייכע און שמאַכטיגע לבנה איז געשוואומען אָהן כוחות אין מיטען פון אַ בלייכען און טיעפען הימעל; אַ הייזעריג זייגער־קול האָט געשלאָגען דריי פון דער פינסטערניש אַרויס אין עפּעס אַ שטוב; הינטער אַ איינגעהויקערטען פּלויט האָט זיך אַ הונד אויפגעכאַפּט פון שלאָף, זיך געקראַצט דעם רוקען מיט דער רעכטער פאָ־דערשטער לאַפּע און דערנאָך מיט דער לינקער פאָדערשטער לאַפּע, דאַן האָט ער זיך העפטיג אינגאַנצען אויסגעטרייסעלט און אָנגעהויבען בילען עפּעס קורצע און אָבגעהאַקטע קולות, פלוצלינג האָט ער זיך מישב געווען און צוריק פערשטעקט דעם קאָפּ צווישען די לאַפּעס און איז ווידער אין דעמזעלבען מאָמענט איינגעשלאָפען — אין דער אייגענער שעה איז אויך ר' ראובן בחור געלעגען אויף זיין בעטעל אין אַ טיעפען שלאָף, אָהן חלו־מות און אָהן הרהורים. פלוצלינג, ווי עמיץ וואָלט איהם מיט אַ קרעפטיגען שטויס אויפגעריסען פון שלאָף, האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און איז געבלי־בען זיצען אויפ'ן בעט. דאָס האַרץ האָט איהם אין דעם מאָמענט געקלאַפּט העפטיג און גיך, ווי מיט אַ האַמער, און די קלעפּ האָבען איהם אַזש אָבגעע־הילכט אין די אויערען. ביסלעכווייז האָט אויפגעהערט דאָס האַרץ־קלאַ־פּעניש און ער האָט זיך בערוהיגט אינגאַנצען. פלוצלינג אָבער איז איהם אַ העכסט אויסטערלישער געדאַנק דורכגעלאָפען איבער'ן מוח: — צי איז

דאָס נישט מערקווירדיג? זי הייסט רבקה, אין איהר נאָמען זענען אַלזאָ פאַר־האַן די אותיות „ריש“ און „בית“, ער ווידער הייסט ראובן און אויך אין זיין נאָמען געפינען זיך די אותיות „ריש“ און „בית“ — צי איז עס נישט מערקווירדיג? — צי איז עס נישט עטוואָס וואונדערליך? נאָר אין עטליכע מינוט אַרום האָט ער צוריק פערוואָרפען מיט'ן קאָפּ נאָך הינטען און איז ווידער אין איין מינוט איינגעשלאָפען.

אָבער אין אַ שעה אַרום האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פונדאַסניי. אין אָנפאַנג האָט ער קיין זאַך נישט געדענקט, נאָר ביסלעכווייז האָט ער זיך דערמאָהנט און ס'איז איהם קלאָר געוואָרען, וואָס עס איז פאָרגעקומען — און אַ געוואַלדיגע אימה און פינסטערניש איז איהם בעפאַלען. ער האָט זיך אַ ריס געטהון ווי אַ לייב און איז גיך אַראָבגעשפּרונגען פונ'ם בעט, האָט צורעכט געמאַכט די יאַרמולקע אויפ'ן קאָפּ, האַסטיג זיך געוואַשען די נעגעל, ציטערענדיג מיט אַלע איברים פון קעלט. דאָס איז דאָך אַ הרהור־עבירה!*) אַ הרהור־עבירה! אַנ'אמתער הרהור־עבירה! ווי קאָן נאָך אַ מענש נאָך אַזעלכע זאַכען לעבען? —

דעם טאָג דערויף איז ער אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטען, ווי אַ שטומער אָהן איין וואָרט. זיין גאַנץ לייב איז איהם געוואָרען איין גרויסע העסליכ־קייט, וואָס איז איהם געווען מיאוס און אָבשטויסענד ווי אַנ'אומריינקייט. וואָלט ער געקאָנט אַ שפּיי טהון פון עקעל זיך אַליין אין פּנים אַריין, וואָלט איהם גרינגער געוואָרען. אָבער וואָס זאָל ער ערשט טהון? — זיבענמאָל איז ער דעם טאָג טבילה געגאַנגען, דערנאָך האָט ער געפאַסט, געפּרוכט מכוון זיין פערשידענע כונות און צרופים, כדי צו פערטרייבען פון זיך די קליפּה**). אָבער דאָס אַלץ האָט גאָרנישט גענוצט. אין יענעם טאָג אין ער אינ־גאַנצען נישט צוגעגאַנגען צו דעם הייליגען טיש אויפצושרייבען אפילו איין אות פון די הייליגע אותיות פון דער תורה, מחמת ער האָט זיך נישט גע־

---

*) זינדיקער געדאַנק

**) דער סימבאָל פון זינד (לויט דער קבלה).

האַלטען פאַר ראוי דערצו, נאָר ער איז געשטאַנען אַ גאַנצען טאָג און תפילה געטהון אין דעם רבינ'ס גרויסען בית־מדרש ; אַלע ווײלע איז ער אַרוים זיך טובל'ן און אַלע ווײלע זיך אומגעקעהרט מתפלל זײן, אַמאָל האָט ער זיך געזעצט לערנען זוהר און אַמאָל אויפגעשטאַנען זאָגען תהילים. און אין דער נאַכט נאָך יענעם זונטאָג האָט ער זיך צום געלעגער נישט צוגע־ריהרט, טאָמער וועט חלילה דער מכשול זיך איבערחזר'ן צום צווייטען מאָל און ער וועט שוין דאַן אינגאַנצען אומקומען און וועט שוין גאָר קיין תי־קון נישט האָבען.

און אויך אין די טעג דערנאָך האָט ער זיך נישט דערוועגט צוצוגעהן צום טיש. ער איז געווען כסדר ווי צעמישט. מינוטענווייז פלעגט ער בלײ־בען שטעהן פלוצלינג אויף אַן'אָרט, טראַכטענדיג עפּעס און נישט וויסענ־דיג וואָס.

ערשט דאָנערשטאָג נאָך קריאת־התורה איז אונערוואַרטעט געקומען אַ רוהיגקייט אין זײן געמיט. אָבער אַזוי ווי ער האָט נישט פערשטאַנען, ווי די דאָזיגע רוה איז פון איהם פערשוואונדען, אַזוי האָט ער נישט פער־שטאַנען, ווי זי האָט זיך צו איהם פלוצלינג אומגעקעהרט. ער איז געשטאַ־נען און געטראַכט — און בשום־אופן האָט ער נישט געקאָנט בעגרייפען מיט'ן מוח, וואָס אַזוינס ער טראַכט. און ווידעראַמאָל האָבען איהם אָנגעהויבען שפּיעלען אין די אויערען עפּעס וויײטע פידלען, אַ פרייד איז איהם אַרײן אין הארצען, ווי ער וואָלט געווען פערבעטען אויף עפּעס אַ חתונה. און אַ פולקאָמענע און זיסע רוה האָט זיך איהם פונאַנדערגע־גאָסען איבער זײן גאַנצער נשמה. דאַן איז ער צום ערשטען מאָל צוגעגאַנ־גען צום שרייב־טיש און האָט אויפגעשריבען דאָס ערשטע אות — און זײן אינעווענינגסטע פרייד איז געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער, און אַלץ, וואָס איז מיט איהם פאָרגעקומען, איז איהם אינגאַנצען אויסגעמעקט גע־וואָרען פון געדעכעניש ווי עמיץ וואָלט עס אָבגעווישט מיט אַ שוואָם.

און טעג אויף טעג האָט ער געשריבען אין הייליגקייט און אין אַ פול־קאָמענער רײנליכקייט, און זײן אינערליכע רוה איז געוואָרען וואָסאַמאָל גרעסער. ער איז געווען, ווי אַ נײגעבוירען קינד. דאָס מינדעסטע וואָלקענ־דעל האָט שוין נישט פערדונקעלט זײן נשמה און האָט זי מעהר נישט גע־

דריקט. גראָד האָט דעמאָלס ז'ער רבי ר' בונעם בעשטעלט ביי איהם אַ נייע ספר־תורה און ער איז צוגעטרעטען מיט גרויס שמחה צו דער נייער אַר־בייט.

און טעג זענען געקומען און טעג זענען אַוועקגעגאַנגען.

אָבער אין צוויי וואָכען אַרום איז פּלוצלינג ווידער געקומען עפּעס אַ שינוי. ער האָט איבערגעריסען די אַרבייט און איז געזעסען אַ קורצע ווײַלע לעדיג, קוקענדיג אין די וואָלקענס. באַלד האָט איהם אַרומגעכאַפּט אַ פער־באָרגענע טונקעלע בענקשאַפט נאָך עפּעס אַ ווייטער און געהיימניספולער זאַך, און ער האָט נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז אַזוינס. די טרעהרען זע־נען איהם געוואָרען נאָהנט, און ער האָט נישט געוואוסט פאַרוואָס. אויפ'ן פענסטער־ברעט האָט ער דערזעהן די פעדערען, וואָס דעם שוחט'ס טאָכטער האָט געהאַט איבערגעלאָזען, און ער האָט בשום־אופן זיך נישט געקאָנט דערמאָהנען, וואָס דאָס איז אַזעלכעס און ווער עס האָט זיי אַהער געבראַכט, אָבער נישט וויסענדיג וואָס ער טהוט, איז ער אויפגעשטאַנען און האָט צו־גענומען די פעדערען און זיי בעהאַלטען אויף דער בעלקע פון'ם סופיט, און ער האָט דערביי אויך נישט געוואוסט, צו וואָס ער טהוט עס.

צומאָרגענס פון יענעם טאָג איז געווען ערב יום־כיפור, און דאַן האָט איהם געטראָפען אַ משונה'דיגער צופאַל: אין דעם מאָמענט, ווען ער איז געשטאַנען אין גרויסען בית־מדרש צו מנחה גדולה, צוויי אַזייגער ביי־טאָג, איינגעבויגען איבער דער גרויסער תפילה זכה און זיינע ליפּען האָ־בען געמערמעלט דעם לאַנגען צעטעל עבירות, וואָס ער איז בעגאַנגען, ווען ער האָט גראָד געהאַלטען אין זאָגען: „איך האָב בעשלאָפען אַנ'ארמית. איך האָב בעשלאָפען אַ מצרית, איך האָב בעשלאָפען אַ פערקנס'ט מיידעל א. אַז. וו". — אין דער זעלבער רגע האָט זיך איהם פּלוצלינג — נישט וויסענדיג דורך וואָס פאַר אַ געדאַנקען־וואַנדלונג און צוליעב וואָס — דער־מאָהנט אַ זעהר ווייכע פרויען־שטים, אַ קלינגענדיג און הילכענדיג קול'כעל, צאַרט און איידעל. די דאָזיגע שטים איז געווען אין יענער רגע אַזוי לעבעדיג און פריש, אַז עס האָט זיך איהם געדאַכט, דאָס ער הערט זי טאַקי אין דער ווירקליכקייט. פּלוצלינג האָט ער זיך דערמאָהנט, אַז אַמאָל, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, איז ער געגאַנגען איינער אַליין אין אַ ווינטער־נאַכט און

פון עפּעס אַ ווייטער גאַס האָט דערלאַנגט צו איהם דאָס געקלימפּער פון אַ זילבערען גלעקעל, וועלכעס איז נאָכגעהאָנגען ביים שליטען פון דעם פּריץ, וואָס איז געפאָהרען איהם אַקעגען, און דער קלאַנג פון יענעם גלעקעל איז געווען שטאַרק עהנליך צו דעם קול, וואָס קלינגט איהם איצט אין די אויער־ רען. — — אין אַ מינוט אַרום איז ער איננאַנצען צעטומעלט געוואָרען, ער האָט זיך אַליין, דערטאַפּט ביי דער דאָזיגער מחשבה און ער האָט זיך שטאַרק פערלוירען...

און אויף מאָרגען, אין יום־כיפור גופא, האָט ער געפיהלט, אַז דער עונג יום־טוב איז איהם פערשטערט געוואָרען. נאָר ווי מערקווירדיג דאָס איז: די גאַנצע זאַך האָט איהם שוין נישט אַזוי טיעף אינערליך בעריהרט, ווי צום ערשטען מאָל, ווען ער האָט זיך געהאַט אויפגעכאַפּט אַנומעלט ביי־ נאַכט. ער איז פּלוצלינג זעהר מיעד געוואָרען, ס'איז איהם לעסטיג געוואָ־ רען אי די עבירה, אי דאָס תשובה טהון, אי די געדאַנקען, אי אַלץ אַרום איהם; עפּעס אַ פּוילקייט האָט איהם אַרומגענומען צו טראַכטען וואָס עס איז. די גלידער זענען איהם געוואַלדיג שווער געוואָרען און די איינגעווייד אין איהם זענען געוואָרען ווי אַ שטיק בליי. אָבער אין אַ פּאָר טעג אַרום איז פערשוואונדען די גאַנצע קוואַהל און ער האָט מעהר די מינדעסטע זאַך נישט געדענקט פון דעם, וואָס איז פאָרגעקומען.

און דאַן איז געשעהן אַ מעשה צום דריטען מאָל: ער איז אַרויס בין־ השמשות פון דער שטוב מיט דער דעה צו געהן אין בית־מדרש אַריין. איז ער זיך געגאַנגען ביי דער זייט פון דער גאַס טריט ביי טריט מיט אַנ'אַראָב־ געהאָנגענעם קאָפּ און אַראָבגעלאָזטע אויגען, אַלץ ווי גאָט האָט געבאָטען, און פּלוצלינג האָט פערבייגעשוועבט אַ שאָטען פאַר זיין פּנים, און ער האָט נישט געוואוסט, צי איז ער פערבייגעשוועבט פאַר איהם אָדער הינטער איהם, צי פון דער רעכטער צי פון דער לינקער זייט, נאָר אַ געדאַנק איז איהם אונערוואַרטעט דורכגעגאַפען איבער'ן מוח, אַז דאָס איז דעם שוחט'ס טאָכטער אין יענער רגע פאַרבייגעגאַנגען פאַר איהם. אָבער ער האָט זיך אויף קיין פאַל בשעת־מעשה נישט געקאָנט דערמאָהנען, ווי זי הייסט. דער הרהור האָט געדויערט נאָר איין קליינע ווייל און אין אַ ווייל אַרום האָט

ער אויך דאָס שוין נישט געדענקט. ער איז אַוועק און זיך אָבגעטובל'ט און גלייך דערויף שנעל זיך אומגעקעהרט אַהיים און זיך געזעצט שרייבען. —

*

פאַלט אַ שניי פון הימעל, קוילערט זיך און פאַלט, קוילערט זיך און פאַלט. אַ ווינד האָט אויף איהם אַ בלאָז געטהון און איהם אַהערגעבראַכט, אַ שטורם האָט איהם געפּאַקט און אַוועקגעטראָגען. און קלאָר איז געווען דער שניי, ווייס און דורכזיכטיג, לויטער ווי אַ פליגעל פון אַ מלאָך; נאָך האָט אַ הימלישער דופט אָן איהם געהאָנגען. און אין אַ שעה אַרום איז ער שוין צעטרעטען, פערוואַנדעלט אין בלאָטע, קויטיג און שמוציג. ווער קאָן איהם דערפאַר בעשולדיגען? ווער וועט איהם דער פערהדענקען? אַ ווינד האָט אין איהם געבלאָזען און אַהערגעבראַכט, אַ שטורם האָט איהם געפּאַקט און אַוועקגעטראָגען — און דערנאָך האָבען איהם בהמה'שע, פערדישע און מענשליכע פיס בעריהרט און האָבען איהם צעטרעטען און זיין לויטערקייט צוגערויבט און איהם פערוואַנדעלט אין קויט און אין שמוציגע בלאָטע.

און אַ מענש פאַלט און קוילערט זיך — ווער קאָן דען פאַרהאַלטען דעם ווינד און דעם שטורם, וואָס ער טהוט?... ער איז געווען ווי אַ מלאָך פון הימעל, קלאָר און לויטער.

*

חמשה־עשר בשבט צו מיטאָג־צייט איז געקומען צו ר' ראובן בחור אין שטוב אריין דאָס יונגעל, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט קומען איהם משמש זיין. היינטיגס מאָל האָט ער געבראַכט פערשידענע פּירות, האָט זיי אַוועקגעלעגט אויפ'ן טיש, און רייבענדיג זיך די רויטע הענד איינע אָן די אַנדערע, כדי זיי צו דערוואַרימען פון דער קעלט, האָט ער געזאָגט: „די טייטלען קאָסטען צוויי קאָפּיקעס, די ראָזינקעס איין קאָפּיקע, די פייג אויך אַ קאָפּיקע, אויף באָקסער האָב איך אויסגעגעבען צוויי קאָפּיקעס צוזאַמען האָב איך אויסגעגעבען אויף די פּירות זעקס קאָפּיקעס מזומן, און פיער קאָפּיקעס רעשט לעג איך דאָ אַוועק".

איידער ער איז אוועק האָט ער דרך־אגב צוגעגעבען זאָגענדיג: „היינט וועל איך שוין מעהר נישט קומען. איך געה אויף די חתונה. דער שוחט מאַכט היינט חתונה זיין טאָכטער, רבקה'לען". — דערויף איז ער אוועק.

ר' ראובן האָט זיך צוגעהערט, אָבער די ווערטער האָבען נישט דער־לאַנגט צו זיין בעוואוסטזיין. אויך ווען ער האָט זיי לסוף יאָ פערשטאַנען, האָבען זיי אויף איהם קיין שום רושם נישט געמאַכט און איהם כלל נישט בעריהרט. אין ווענינע מינוטען האָט ער די גאַנצע זאַך פערגעסען. מיט שמחה האָט ער זיך געזעצט צום טיש, האָט פונאַנדערגעקליבען די פירות, וואָס זענען געלעגען צוגעגרייט פאַר איהם. דאַן האָט זיך צורעכט געמאַכט די יאַרמולקע, האָט ער געמאַכט אַ „בורא פרי העץ" און גענומען עסען מיט הנאה. די אויגען זענען איהם אויפגעלויכטען פאַר פרייד און דאָס פנים האָט שטאַרק געשיינט.

נאָר אין יענער נאַכט האָט איהם דער שלאָף פערלאָזען, און ער האָט נישט פערשטאַנען, וואָס עס איז מיט איהם אַזוינס געשעהן. ער איז אַנט־שלאָפען געוואָרען און זיך אויפגעכאַפּט, ווידער איינגעשלאָפען און ווידער אויפגעוואַכט. עס איז געווען אַן'איבערגעהאַקטער, האַסטיגער און צערו־רודעטער שלאָף.

ווען ער איז אויפגעשטאַנען אינדערפריה, האָט ער געפיהלט עפּעס אַ שטאַרקע מיעדיגקייט, וועלכע איז אָבער גיך פערשוואונדען. צוריקקומענ־דיק פון דער מקוה, איז ער ווידער געווען פריש און אויפגעמונטערט. פרעה־ליך און אויפגערוימט האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און געשריבען — אָבער אַקעגען אָווענד האָט זיך אומגעקעהרט צו איהם יענע מיעדיגקייט און איז געוואָרען נאָך זיבענמאָל שטאַרקער. עפּעס האָט גענאָגט אין איהם אינע־ווענינ, געעגבערט אין זיין מוח, און ער האָט זיך בעמיהט צו בעגרייפען, וואָס דאָס איז אַזוינס און האָט בשום אופן נישט געקאָנט.

איינינע טעג איז איהם לייכטער געווען, און ער האָט מעהר נישט גע־שפּירט יענע גערייצטקייט, אָבער גאָר אינגיכען איז דאָס בייז צוריקגעקו־מען און איז נאָך שטאַרקער געווען ווי פריהער. אָט יענער „עפּעס", וואָס ער האָט נישט געוואוסט, וואָס עס איז אַזוינס, האָט איהם אונאויפהערליך געעגבערט אין מוח, גענאָגט און געצויגען ביים האַרצען. וואָלט ער נאָר גע־

וואוסט, וואָס אזוינס דאָס איז — טײַלמאָל האָט ער געמוזט אוועקלעגן די אַרבייט און גאָרנישט טהון גאַנצע שעה'ן. גאַנצע שעה'ן איז ער אַרומגעגאַנגען לעדיג און איז געווען, ווי פערחלום'ט, און וואָס ער חלום'ט האָט ער נישט געוואוסט; ער האָט געשפּאַנט איבער'ן שמאָלען צימערעל אַרויף און אַראָב, ביז ער איז פערמאַטערט געוואָרען און זיך צוגעזעצט אויפ'ן בעט. און די מיעדיגקייט איז געוואָרען וואָסאמאָל גרעסער. ביסלעכווייז איז זיין פּנים געוואָרען שטאַרק אויסגעבלייכט. ער האָט געפיהלט אין זיך עפּעס אַ קראַנקהייט. ער האָט געשפּירט, אַז אַלע ביינער טהוען איהם וועה. צום סוף האָט ער אינגאַנצען פערלאָזען די אַרבייט און האָט טעג און וואָכען לאַנג קיין זאַך מעהר נישט געטהון. און פלעגט איהם עמיץ פרעגען וואָס ער מאַכט און וואָס עס איז מיט איהם געשעהן, האָט ער תמיד געענטפערט אַ געריי<br>צטער און אויפגעקאָכטער, און אויף דער פראַגע אַליין האָט ער קיין וואָרט נישט געענטפערט.

איינמאָל איז איהם ווי אַ בליץ דורכגעלאָפען, און אַלץ איז איהם פּלוצלינג קלאָר געוואָרען. ער האָט פּלוצלינג געוואוסט, פאַרוואָס און צוליעב וואָס דאָס אַלץ קומט מיט איהם פאָר, אָבער ס'איז איהם דער מינדעסטער הרהור־תשובה אויפ'ן געדאַנק נישט געקומען. ער האָט נישט געפּראַוועט קיין תעניתים און קיין סיגופים, און ער האָט אפילו נישט געפּרובט זיך צו שטאַרקען און זיך וועהרען.

אומגעריכט זענען אויף איהם געקומען אויך גאָר אַנדערע טעג: אַ גרויסער אומעט האָט איהם אַרומגענומען, און ער האָט געוויינט ווי אַ קינד.

און אין די נעכט פלעגט ער זיצען ביים טיש און זיך שאָקלענדיג זאָגען תהלים אויף אַ קול און מיט אַ ניגון. — ווי עמיץ, וואָס אַ פייער האָט איהם אַרומגעכאַפּט און ער שרייט נאָך הילף, טאָמער וועט ער דאָך נאָך גערעטעט ווערען, אזוי איז געווען זיין תהלים־זאָגען.

עס זענען דאַן געפלאָסען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט קולות און קלאַנגען, וואָס קיין מענשליך אויער האָט נאָך אַזעלכעס קיינמאָל נישט געהערט: —

„למנצח מזמור לדוד. ווען נתן דער נביא איז צו איהם געקומען, בעת ער איז אַריינגעגאַנגען צו בת שבע. — וואַש מיך שטאַרק פון מיין שולד

און רייניג מיך פון מיין זינד. דען איך קען מיינע פערברעכענס און מיין זינד איז שטענדיג פאר מיר. געגען דיר אליין האב איך געזינדיגט און בייז אין דיינע אויגען האב איך געטהון — — — רייניג מיך מיט אזוב, אז איך זאל ריין ווערען, וואש מיך, אז איך זאל ווערען ווייסער פון שניי. מאך מיך הערען פרייד און הייטערקייט, אז עס זאל זיך פרעהען דאס געביין, וואס דו האסט נידערגעשלאגען. פערבארג דיין פנים פון מיינע זינד און מעק אב אלע מיינע עבירות. שאף אין מיר, גאט, א ריין הארץ און גיב מיר א נייען פעסטען גייסט. ווארף מיך נישט אוועך פון זיך — רבונו של עולם, רבונו של עולם — ווארף מיך נישט אוועק פון זיך און נעהם נישט צו דיין הייליגען גייסט פון מיר. קעהר מיר אום די פרייד פון דיין הילף"...

און דאס קול איז געווארען פון מינוט צו מינוט שטארקער. ביסלעבּווייז האבען זיך ארום דעם הויז פערזאמעלט מענער און פרויען און אויך קינדער און זיי האבען זיך צוגעהערט. און אויך ביי זיי האבען גענומען פליסען טרעהרען. ס'האט נאך אזוי נישט געשריען קיין בייזע חיה אין וואלד, ווען עס האט זי פלוצלינג א קויל געטראפען, עס האט נאך אזוי קיין מענש נישט געוויינט אין די שרעקליכסטע יסורים, וואלגערענדיג זיך אין שמערצען אויף דער ערד. אבער פונ'ם קלארען הימעל האבען אראבגעקוקט גרויסע און זעהר קאלטע שטערענס, בליקענדיג שטיל און שימערענדיג און פינקלענדיג אין ווייסען שניי ארײן — — —

...און מאנכע מאל איז אויף איהם א שרעקליכע אפאטיע געקומען. גאנצע טעג איז ער געלעגען אויפ'ן בעט אונטער דער קאלדרע און קיין ריהר זיך נישט געטהון. א פינסטערע גרוילהאפטע רוהיגקייט האט איהם בעהערשט.

און אומגעריכט איז ער ווידער אויפגעשטאנען. מיטאמאל איז אין איהם ארײן עפּעס א גייסט פון טראציגקייק און עקשנות, פון בונט און הארטנעקיגקייט — צו טראצען געגען וועמען עס זאל נישט זיין.

ער האט פלוצלינג דערפיהלט עפּעס א דונקעל און אונבעשטימט געפיהל, אז עס איז איהם א גזלה געשעהן, און ער האט נאר נישט געוואוסט, ווער עס האט איהם בעגזל'ט. אבער אונערווארטעט האט ער אויך דאס שוין געוואוסט: — אלע האבען איהם בעגזל'ט, גאנץ פשיסכע האט געגזל'ט,

אַלע יודען אַרום איהם, די גאַנצע סביבה און דער גאַנצער גליל אַרום, און אפילו דער רבי ר' בונעם אַליין אויך. אַלע האָבען זיי ביי איהם צוגעגזל'ט...

און טיילמאָל האָבען אַלע אינגעווייד אין איהם געשריען: תמות נפשי עם פלשתים! אומקומען זאָל איך, אָבער מיט זיי צוזאַמען!

און עפּעס אַ שאָדען־פרייד האָט איהם אינגאַנצען אַרומגעכאַפּט:

דער עול־השעבוד ציהט זיך לאַנג — גוט אַזוי, גוט אַזוי, זאָל ער נאָך פיעלמאָל לענגער זיך ציהען. דער גלות איז שווער — אדרבא, אדרבא, זאָל ער נאָך הונדערטמאָל שווערער ווערען. ס'איז מעהר קיין כוח נישטאָ דאָס אריבערצוטראָגען. — מהיכא־תיתא, מהיכא־תיתא, זאָלען זיי ליידען, זאָלען זיי ליידען. די עבירות זענען זיך מתגבר — אך, ווי גוט, ווי גוט. ווי אַ מוזיק האָבען אין איהם אַלע אינגעווייד געשפּיעלט. אַ שטאַרקע לוסט האָט איהם אַרומגעכאַפּט נאָך עפּעס אַ אונבעקאַנטער דונקעלער נקמה...

די גאַנצע אומה אַרום איהם איז שולדיג, און אויך גאָט אַליין איז שולדיג, און די הייליגע תורה איז שולדיג, אַלע זענען שולדיג, דער הימעל און די ערד, אַלע, אַלע — —

און די געדאַנקען האָבען זיך אָנגעהויבען מישען אין זיין מוח.

און פּלוצלינג האָבען זיך די הענד ביי איהם אַראָבגעלאָזט, און זיין מוט איז אַראָבגעפאַלען און זיין גאַנצער ווילען איז אָהנמעכטיג געוואָרען.

פון דאַן אָן האָט אָנגעהויבען אַ ווילדער דינער שמייכעל זיך צו וויקלען אַרום זיינע ליפּען, און זיינע קליינע אויגעלעך זענען נאָך קלענער געוואָרען און זיצענדיג אין זייערע לעבער האָבען זיי אַרויסגעבליקט מיט גרויס רשעות...

דאַנגענען האָט זיך איצט אומגעקעהרט צו איהם זיין רוה. טאָג און נאַכט, טאָג און נאַכט האָט ער פון איצט אָן ווידער געשריבען זיינע מזוזות און תפילין און ספר־תורה'ס.

און דער ווינטער איז אַריבער, און דער זומער איז געקומען, און אויך ער איז אַוועק און ס'איז אַ נייער ווינטער געקומען — און ר' ראובן בחור איז אַלץ געזעסען און געשריבען. מיט אַ פיבערהאַפטער האַסטיגקייט האָט ער געשריבען זיינע ספר־תורה'ס, תפילין און מזוזות.

נאָר איינמאָל חנוכה האָט געטראָפען אַ שרעקליכע און אויסטערלישע

זאך, וואָס האָט אויפגעקאָכט די גאַנצע שטאָדט און די גאַנצע סביבה, ווי א קעסעל.

צופעליג האָט מען בודק געווען א מזוזה ביי ר׳ משה קבלן אין שטוב, און מ׳האָט געפונען, אַז אומעטום, וואו ס׳האָט געדאַרפט צו זיין דער שם־הוי״ה, איז געווען אויפגעשריבען דער נאָמען — לילית. מ׳האָט די זאך נאָכגעפאָרשט און פעסטגעשטעלט, אַ די מזוזה איז געשריבען דורך ר׳ ראובן בחור. דאַן האָט מען גענומען בודק זיין אויך די איבעריגע מזוזות און מ׳האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין אַלע מזוזות, וואָס ער האָט אין יענעם יאָהר געשריבען, שטעהט אומעטום דער נאָמען לילית אַנשטאָט דעם שם־הוי״ה. מ׳האָט דאַן בודק געווען די פרשיות פון די תפילין און אויך דאָרט האָט מען אומעטום געפונען דאָס דאָזיגע שרעקליכע וואָרט. מ׳האָט בודק געווען די נייע ספר־תורה׳ס, וואָס מ׳האָט נאָך נישט בעוויזען זיי צו בעניי׳ען און אין זיי צו לייענען, און מ׳האָט דאָרט דאָס נעמליכע געפונען.

אַ געוואַלדיגער פחד איז אַנגעפאַלען אויף די גאַנצע קהלה. ס׳האָבען אויסגעפעהלט ווערטער אויף צו שילדערען דאָס געשעהניש. יעדעס וואָרט איז אָבגעשטאָרבען אויף דער צונג נאָך איידער מ׳האָט עס אַרויסגעזאָגט. אַלע איינוואוינער פון דער שטאָדט האָבען אַראָבגעלאָזט די קעפּ און האָבען מורא געהאַט צו קוקען איינער דעם אַנדערען אין פנים אַריין. צוערשט איז געווען אַ גרויסע מהומה, און דערנאָך אַ גרויסע שרעק פאַר דעם, וואָס ער רוקט זיך אָן אויף זיי, און שפּעטער אַ גרויסער טרויער.

*

און אַז מ׳האָט געבראַכט ר׳ ראובן בחור צום רבי ר׳ בונעם, איז ער געווען זעהר געלאַסען און רוהיג, און האָט אויסגעזעהן, ווי עמיץ, וואָס האָט געטהון אַלץ ווי ס׳געהער צו זיין און ער ווייס נישט אייגענטליך, וואָס די מענשען ווילען פון איהם האָבען. די מענשען וועסטו קיינמאָל נישט צו־פריעדענשטעלען. זיין פנים איז איצט געוואָרען זיבענמאָל פעטער און גרע־בער ווי פריהער, נאָר די געלע האָר פון זיין קאָפּ און באָרד זענען געווען צעשויבערט און צעפלאָטערט. זיינע קליינע אויגעלעך זענען נאָך קלענער

געוואָרען, זי זענען געווען מאַט אָהן שום גלאַנץ, און אויף זיינע דינע ליפּען האָט אַרומגעבמלאָנדזשעט אַ ווילדער געמיטלעכער שמייכעל, וואָס איז אויף קיין אויגענבליק נישט אָבגעטרעטען. אָבער אויף זיין פּנים האָט אין דער מינוט גערוהט אַ מין אָבשיין פון אַ גוט הארץ. דער רב פון שטאָדט און די פּרנסים און די איבעריגע כלי־קודש און דער עולם סתם־יודען, וואָס זענען דערביי געווען, אַז זיי האָבען אַ קוק געטהון און דערזעהען, ווי ר׳ ראובן בחור איז פּלוצלינג געוואָרען אַזוי מגושמ׳דיג, זענען זיי אַלע מיטאַנאַנד אויפגעטרייסעלט געוואָרען.

דער רבי ר׳ בונעם האָט אויף איהם אָנגעשטעלט זיינע בלינדע אויגען און האָט אָנגעהויבען ציטערען.

— נאָך וואָס האָסטו דאָס געטהון ? — האָט ער געפרעגט און אין זיין שטימע האָבען געציטערט טרעהרען.

ראובן האָט געענטפערט רוהיג. ער האָט גערעדט מיט אָבגעהאַקטע ווערטער. עס איז איהם, אַ פּנים, אָנגעקומען מיט שווערער מיה אויפצוקלערען זיינע געדאַנקען, אָבער בעת ער האָט גערעדט, האָט דאָס נאַרישע שמייכעלע שפּאַצירט אויף זיין פּנים און עס איז אויף קיין וויילע נישט אָבגעטרעטען.

— איהר זעהט, רבי, די זאַך איז גאָר פּשוט. פעדערען האָט זי געבראַכט. פון דער גאַס איז זי געקומען און איז אַריין צו מיר, און אויף די גאַס איז זי צוריק אַרויס און איז אַוועקגעגאַנגען. די זאַך איז דאָך גאָר פּשוט. איהר פערשטעהט, רבי. און איינמאָל איז געפאַלען אַ שניי אויף דער ערד. די זאַך איז דאָך גאָר פּשוט. איהר פערשטעהט, רבי. און איך האָב געשריבען און מכוון געווען, געשריבען און מכוון געווען. און פּלוצלינג איז מיר אַרויסגעקומען, אַז דער שם, וואָס שטעלט זיך צונויף פון די ווערטער: לעולם יש לאשה יד תקיפה*) — איז לילית. דאָס איז דאָך פּשוט. איהר פערשטעהט רבי. און איך האָב דעם דאָזיגען שם אויפגעשריבען, און איך שרייב איהם תמיד...״

---

*) שטענדיג האָט די פרוי אַ שטאַרקע האַנד (געמיינט — אַ שטאַרקען איינפלוס).

— ווער איז געקומען פון דער גאַס? וואָס פאַר אַ פעדערען!

ראובן האָט אויסגעהערט די פראַגע מיט אַ פולער רוהיקייט. אַ ווײַלע האָט ער געקנייטשט דעם שטערען, ווי ער וואָלט זיך בעמיהט צו געפינען דעם ריכטיגען אויסדרוק פאַר זיין געדאַנק, און מיט אַ וואונדערליכער געלאַסענקייט האָט ער געענטפערט, נאָר די צונג האָט זיך איהם געפּלאָנטערט אין מויל און דער ווילדער שמייכעל איז נישט אָבגעטרעטען פון זיינע ליפּען.

— „איהר זעהט, רבי, די זאַך איז פּשוט. איך וועל אייך אַלץ דערצעהלען. פון דער גאַס איז זי אַריינגעקומען, און אויף די גאַס אַרוים איז זי אַוועק. דאָס איז דאָך גאָר פּשוט. פערשטעהט איהר מיך, רבי. און איך האָב געהערט, אַז זי האָט חתונה געהאַט, און די פעדערען האָט זי מיר איבערגעלאָזט. וואָס־זשע האָב איך געקאָנט טהון? — איך האָב געהאַט די פעדערען און איך האָב געשריבען, איך רעד דאָך קלאָר. איהר פערשטעהט מיך, רבי? און איינמאָל אינדערפריה איז אַראָבגעפאַלען אַ שניי. דאָס איז דאָך פּשוט. און דער שם, וואָס קומט אַרוים פון די ווערטער: „לעולם יש..."

— צי האָסטו אָבער גאָרנישט מורא געהאַט פאַר גאָט אין הימעל?

— אוודאי אַזוי, רבי! — האָט ער געענטפערט אין עטליכע מינוט אַרום — טאַקי פון מורא פאַר גאָט האָב איך עס געטהון. ס'איז דאָך פּשוט. זי איז אַריינגעקומען פון דער גאַס, און דערנאָך האָט זי חתונה געהאַט. און איך האָב דאָך נישט געהאַט שוין קיין שום ברירה. און זי הייסט לילית, און די ראשי־תיבות זענען: „לעולם יש לאשה...

— רבונו של עולם! וואָס רעדסטו אַזוינס?

— איך רעד, דאַכט זיך, גאַנץ קלאָר. די זאַך איז גאָר פּשוט. זי איז אַריינגעקומען און איז אַרויסגעגאַנגען און האָט חתונה געהאַט, און די פעדערען האָט זי געבראַכט. עס איז דאָך פּשוט. או הייסען הייסט זי לילית. און איך האָב דאָך געמוזט. און דער שם, וואָס קומט אַרוים פון די ווערטער: „לעולם יש לאשה יד תקיפה, מאכט געגנוי — לילית. — — — —

מ'האָט איהם ענדליך אָבגעלאָזט. מ'האָט זיך אַרומגעזעהן, מיט וועמען מ'האָט צו טהון. און ער איז געשטאַנען און האָט אָהן אויפהער גע־

שמייכעלט, און דער שמייכעל איז געווען ווילד, און זיינע קליינע אויגעלעך האָבען געשיינט און אויף זיין פּנים איז געווען אויסגעגאָסען אַ גרויסע הנאה.

אויפ׳ן דריטען טאָג איז געווען די לויה און מ׳האָט געבראַכט די פּסול׳ע יריעות צו קבר ישראל. די גאַנצע שטאָדט פון קליין ביז גרויס זענען מיט־געגאַנגען. דער שמש האָט געזאָגט קדיש. און אַ שניי איז אַראָבגעפאַלען און זיך צעלעגט איבער דער ערד, אַ דורכזיכטיגער, אַ קלאָרער און אַ בלישט־שעדיגער.

און אויף ראובן בחור האָט מען זיך מעהר נישט אומגעקוקט.

ער איז געזעסען און געגאַפט גאַנצע טעג ביים טיש און געשריבען. קיין יריעות און קיין פאַרמעט האָט ער מעהר נישט געהאַט. אָבער וואו ער האָט נאָר געכאַפּט עפּעס אַ שטיקעל פּאַפּיער, האָט ער עס גיך בעשריבען פון פאָרענט און פון הינטען און פון אַלע זייטען מיט דעם וואָרט: לילית, לילית, לילית.

*

אַ שטערען איז געשטאַנען איז מיטען הימעל דריי אַזייגער ביינאַכט, איינזאַם אַליין, און האָט געבלישטשעט. מיט טויזענדער יאָהרען צוריק איז דער שטערען אַזוי געשטאַנען און געבלישטשעט, און אַזוי וועט ער אויך שטעהן און בלישטשען אין טויזענדער יאָהרען ארום. און אַ מענש האָט געלעבט אינצווישען אונטער׳ן באַלקען פון אַ איינזאַמען דאַך, געלעבט און געשטאָרבען, און ער האָט געלאַכט און געוויינט, געגאָסען פרייד און פּיין, געליטען און געקעמפּט — און אַליין נישט געוואוסט. ווער וועט ביז אייביגע צייטען וויסען זיינע שמערצען? — שטעהט זיך אַ שטערען אין מיטען הימעל און פינקעלט אין דער נאַכט.

# פאלמי

וואו ביזטו איצט, פאלמי, דו קליינער דיכטער־פילאזאף?...

אז מיר וועלען געהען א קליינעם תחום־שבת פונ'ם וואקזאל ביי דער באהן און קומען ביז אין דעם קליינעם שטעדטעל אריין, וואס ליעגט אינ'ם טהאל, וועלען מיר פון אקעגענאיבער דערזעהען דעם בארג, וואס הינטער דער שטאדט פון יענער זייט, ארום צוויי וויארסט וייט פון דארט, און פונ'ם שפיץ בארג שיינט אראב דאס ווייסע הויז מיט די גרינע פענסטערלאדענס. דאס דאזיגע ווייסע הויז מיט די גרינע לאדענס איז דאס ציעל, וואס גרויסע מאסען שטרעבען דארט אהינצוקומען, ווען עס בעווייזען זיך דיווארעמע פריהלינג־טעג. דאס איז אייגענטליך נישט קיין איינצעל הויז אליין, נאר א גאנצער בלאק פון געביידעס. ווער עס האט א שארף אויג, זעהט פונדערווייטענס אויך די אויפשריפט אויף דער שילד, וואס הענגט אויף א גרינער שטאנג, וועלכע שטארצט ארויס פונ'ם דאך פון דער הויפטגעביידע. מיט גרינע בוכשטאבען אויף א ווייסען גרונד איז דארט אויפגעשריבען: „פענסיאן און דירות אויף זומער־וואוינונגען". אנ'אמתער קליינער גן־עדן איז דאס דאזיגע ארט, בעהאלטען אין עפעס א שטילען און רוהיגען ווינקעל, ווייט פון מענשען און פון פערקעהר, און ארום איז לויטער גרין, גרין, גרין: גרינע לאנקעס, גרינע בוימער, א גרין וועלדעל, און אויך א טייכעל מיט וואסער פון א גרינעם קאליר. דער פריהלינג אין דעם דאזיגען ארט איז אינגאנצען א קליין וואונדער. די זון זעהט אויס, ווי זי וואלט איצט צום ערשטען מאל ארויס פון איהר פוטערפאס, און ווי א קליין ניי־געבוירען קינד קוקט זי אראב מיט גרויס נייגיער אויף די נייע וועלט פון עפעס א נייעם בורא. די לייכטע בלאזענדע ווינטעלעך מאכען דעם איינדרוק, ווי עס וואלטען זיי נאר־וואס צום ערשטען מאל פליעגעל אויסגעוואקסען, און די פליגעל זענען אזוי ניי און פריש און צארט, אז עס הערט זיך נאך דער קלאנג פון זייער שורשען, בעת זיי בעוועגען זיך. און דער פריהע־

לינג איז שווער צעלעגט איבער׳ן לאַנד, הויערנדיג אויף יעדען גרעזעל און אויף יעדען בלימעל און אויף דעם עמער וואָס ביים ברונען און אויף די טעלעגראַף־זיילען און אויף דער רינע וואָס ביים דאַך, און אַנ׳אויסזעהן האָט ער, דער דאָזיגער פריהלינג, ווי ער וואָלט איצט צום ערשטען מאָל זיך אַראָבגעלאָזט פון הימעל אויף דער ערד, און נאָך נישט געניט אין זיין אַרבייט, פערשווענדעט ער זיין פערמעגען מיט אַנ׳אָפענער האַנד אָהן חשבון און פערשענקט עס אומגעבעטען און אונגעפאָדערט. עפּעס אַנ׳אייביגער יום־טוב איז אויסגעשפּרייט איבער׳ן גאַנצען פּלאַץ אַרום.

איבער בלאָטיגע גריבער און שפּיציגע שטיינער שפּרייזט דער גאַסט, וואָס קומט אָן פון דער שטאָדט, געהענדיג צום פּענסיאָנאַט, מיט אַ טשעמאָדאַן אויף די פּלייצעס, אַנ׳אַנדערער ווידער פאָהרט־צו מיט אַ וועגעלע, וואָס שלעפּט זיך שווער איבער דעם וועג, שטייגענדיג אַלץ מעהר באַרגאַרויף, און אַזוי ווי ער קומט נאָר אָן פאַר דעם גרינעם פּלויט און פאַר׳ן גרינעם טויער פון דעם הויז, אין דעם זעלבען אויגענבליק געהט אַרויס איהם אַקעגען דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית׳טע און די דיענסט און די קעכין און דאָס האַלב־נאַקעטע יונגעל, וואָס זיין אויפגאַבע איז צו פּוצען די שטיוועל פון די געסט, און נאָך פיעל אַנדערע מענשען, און זיי אַלע נעהמען איהם אויף מיט יובעל־געשריי. אָבער דער גאַסט בעמערקט כמעט קיינעם נישט פון די אַלע און אינטערעסירט זיך נישט מיט קיינעם, און נאָר אויף איינעם ווערט ער אויפמערקזאַם — אויף פּאַלמי׳ן. פּאַלמי׳ן זעהט ער אומעטום. פון׳ם ערשטען מאָמענט אָן דערקענט ער, אַז פּאַלמי שטעהט דאָ אָן דער שפּיץ פון דעם גאַנצען שטאַב מענשען, וואָס דאַרפען זיך מיט איהם מתעסק זיין, און ער פיהרט דאָ אָן מיט דער גאַנצער אַרבייט אינ׳ם הויז.

דער דאָזיגער פּאַלמי איז אַ קליין הינדטעל, רויטפאַרביג מיט ווייסע פּלעקען אויף דער ברוסט און מיט גרויסע, הייסע און פערחלומ׳טע אויגען. דאָס האַלב־נאַקעטע יונגעל נעהמט אַראָב די זאַכען פון דעם וואָגען, די דיענסט נעהמט דעם טשעמאָדען מיט די קליינע פּעקלעך און די קעכין העלפט זיי צו, טראָגענדיג דאָס בינטעל ביכער און די איבעריגע חפצים, אָבער פּאַלמי, דאַכט זיך, איז דאָ דער גאַנצער מאַכער ביי דעם אַלעם. פּאַלמי שפּרינגט און טאַנצט־אונטער, לויפענדיג פאַראויס פון איינעם צום צווייטען, האַסטיג

און שטארק פערהאוועט, ער לויפט אהין און אהער און ארום און ארום, פלאָנטערט זיך צווישען די פיס און קלאפט זיך אָן די קניה פון די געהענ־דע, שפרינגט א ווײלע צו צום גאסט און בעשמעקט איהם, דאן פערלאָזט ער איהם גיך און לויפט אוועק, און קומט אין א ווײלע ארום ווידער צוריק, און זיינע אויגען שטראהלען פון פרייד. דאכט זיך, אז ער ווייסט און פער־שטעהט אלץ, וואָס קומט פאר ארום איהם. אלע גלידער זיינע זאָגען: „זעהט־נאָר, א נייער גאסט איז צו אונז געקומען", און עס מאכט דעם איינדרוק, ווי די גאנצע אָנפיהרונג וואָלט געווען איבערגעגעבען אין זיין האנד און ער ווייסט די פעראנטוואָרטליכקייט, וואָס ער האט אויף זיך גענומען מיט'ן אָנקומען פון דעם נייעם גאסט. און ווי מערקווירדיג: בשעת דאָס יונגעל טראָגט די חפצים און נאָך איהם געהט די דיענסט מיט די קלענערע זאכען, לויפט פאלמי פאָראויס פאר זיי, ווייזענדיג זיי דעם וועג, און ער ווייסט גענוי, וואָס פאר א צימער עס איז איצט פריי אויף איבערגעגעבען צו ווער־דען דעם נייעם לאָקאטער. דערנאָך לויפט ער אין דעם עס־זאל אריין. עס איז דאָרט ענג פון די פיעלע געסט און פיעלע שטוהלען ארום דעם טיש, אָבער פאלמי ווייסט גוט דאָס אָרט, וואו מען קאָן נאָך צושטעלען א שטוהל און זי אריינקוועטשען אין דער ענגשאפט. קוים האָט ער בעוויזען איינצו־אָרדנען דעם נייעם לאָקאטאָר בשלום אויף זיין אָרט, אָדער ווען ער האלט נאָך אין פאָרען זיך דאָ און דאָרט, שטעלט ער זיך פלוצלינג אָב אויף איין רגע, שפיצט־אויף ביידע אויערען און הערט זיך איין. עס דאכט זיך איהם, אז ער האט פונדערווייטענס דערהערט עפעס א גערויש ווי דאָס קלאפעריי פון רעדער און דאָס קנאלעניש פון א בייטש, און אין א ווײלע ארום כאפט ער און לאָזט זיך לויפען ארוים אין דרויסען. ער לויפט מיט אלע כוחות און נאָך איהם לויפט ארויס דאָס גאנצע קלאפערגעצייג. און פאלמי האָט זיך נישט טועה געווען: א ניי וועגעלע איז אָנגעפאָהרען מיט א נייעם גאסט.

פאלמי דערקענט זיינע געסט בעסער ווי דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע צוזאמען. ער קען זיי, דאכט זיך, אפילו ביים נאָמען. מאנכע מאָל אָבער פאלט אויף איהם פלוצלינג אָן עפעס א שווערקייט, און ער הערט א ווײלע אויף זיך צו אינטערעסירען מיט דעם, וואָס עס טהוט זיך ארום, נאָר ער שטעלט זיך אוועק אויף אנ'אָרט אין עפעס א ווינקעל, בעהאלטענ־

דיג דעם ווידעל צווישען די פיס, און זיינע הייסע אויגען פערזינקען זיך אין א חלום. עס מאכט דעם איינדרוק, ווי עס וואלטען אין איהם זיך ער־וועקט רעפלעקסען און ער פרעגט זיך אין די דאזיגע מינוטען: וואס איי־גענטליך געשעהט דא אזעלכעס ארום מיר? וואס בעדייט דער דאזיגער גאנצער געפילדער און וואס פאר א צוועק האט עס? וואס לויפען זיי און צו וואס לויפען זיי? און די דאזיגע מענשען, וואס קומען דא טאג־טעגליך צו פאהרען אין די וועגעלעך, נאך וואס קומען זיי אייגענטליך אהער?...
אבער אין א ווײלע ארום כאפט ער זיך אויף און טרייסעלט אב זיין מוח פון די אלע נארישע געדאנקען. רבונו של עולם, דאס לעבען איז דאך אזוי שעהן און דער זומער איז דאך שעהן און די מענשען זענען שעהן און די זון איז אזוי מחיה'דיג ווארים! און ער דערמאהנט זיך, אז ער האט קיין צייט נישט און ער לאזט זיך פלוצלינג ווידער האסטיג לויפען.

פיער חדשים אין יאהר, פון האלב אייר ביז האלב אלול לעבט פאלמי א לעבען פול אינהאלט, א לעבען פול מיט בעוועגונג און ריהרעוודיגקייט. אלע זיינע נערוועז און אינערליכע פיבערען זענען אין פולען פולס. א גאנ־צען טאג איז ער בעשעפטיגט: פון דער גאס אין שטוב אריין, פון דער שטוב אין קיך אריין, פון דער קיך אין עס־זאל אריין, פון עס־זאל צו יע־דען גאסט בעזונדער, און פון די געסט ווידער אמאל אין גאס ארוים. עס דאכט זיך איהם, אז ער האט ווידער געהערט פונדערוווייטענס עפעס א געק־לימפער פון א גלעקעל און א קלאפעריי פון רעדער און קנאל פון א בייטש. אלע זיינע לעבענס־קרעפטען זענען אנגעצויגען, ווי די סטרונעס, און ער שעפט תענוג פון דער דאזיגער שפע פון לעבען און אלע זיינע אינסטינק־טען אין איהם זינגען פאר שמחה. בעזונדערס זענען איהם טייער די מיטאג־שעה'ן, ווען די בעוועגונג איז זעהר גרויס און ארבייט איז דא פיעל און דער רעש איז געוואלדיג און דער טומעל אין שטוב און ארום דער שטוב און אין יעדען ווינקעל וואקסט פון מינוט צו מינוט. דאס עס־צימער איז א גרויסער און זעהר איינפאך איינגעריכטעטער זאל, די ווענד זענען אבגע־קאלכט, און דער טיש איז געמאכט פון איינפאכע ברעטער, וואס ליגען איינס נעבען אנדערען אויף הילצערנע דרענגער, און ארום איהם זיצעו בעת דעם „הויך־סעזאן", אין חודש תמוז, ביי אכציג אדער הונדערט מאן, צו־

גויפגעפרעסט און צוזאמענגעקוועטשט איינער נעבען אנדערען, און דער טור־
מעל ווערט שטארקער פון מינוט צו מינוט. אין דעם מאמענט פיהלט פאלמי א
זעכציגסטען טייל פון טעם־גן־עדן. ער איז דאן פערהאוועט און פערפארעט,
ארומלויפעדיג מיט'ן בעל־הבית און מיט דער בעל־הבית'טע פון עס־זאל אין די
קיך־אריין, און פון דער קיך אין עס־זאל אריין, בעגלייטענדיג יעדען טעלער
ביים דערלאנגען און ביים צונעהמען פון טיש, און אזוי פלאנטערט ער זיך און
לויפט ארום הינטער דעם טיש צווישען די שטוהלען, גלייך ווי ער וואלט עס
געדארפט בעזארגען די גאנצע ארבייט. זעלבסטפערשטענדליך, אז ס'מאל
טרעט איהם עמיץ אן אויף א פוס אדער גיט איהם א שטויס, און פאלמי לאזט
ארויס א יאמערליכען קוויטש. אבער דאס מאכט נישט אויס. ער ווייסט, אז
עס איז דער „הויך־סעזאן" און מ'לעגט נישט קיין אכט אויף אזעלכע קליי־
ניגקייטען. ער עסט כמעט גארנישט, נישט אין דער קיך און נישט אין עס־
זאל, דען קיינער האט קיין צייט נישט זיך אומצוקוקען אויף איהם. אבער
דאס מאכט נישט אויס. ער האט גענוג א טרוקענעם ביין, וואס ער קייט
און גריזשעט איהם ארום א ווייל'ע מיט די צייהן ערגעץ אין א ווינקעל, און
נישט האבענדיג קיין צייט איהם אויפצוזעסען ווי ס'דארף צו זיין, לאזט
ער איהם אין א ווייל'ע ארום ליעגען אינמיטען עסען און קעהרט זיך אום
צו זיינע פיעל'ע בעשעפטיגונגען: פון איין גאסט צום אנדערען, פונ'ם מאן
צו דער פרוי, פון דער בעלהבית'טע צו דער ניאניע, פון א קינד צו אנ'אל־
טען, ארומשמעקענדיג יעדען בעזונדער און בילענדיג דערביי פון גרויס
לייטערקייט, און בעת־מעשה טרייבט ער אונטער די קעכין אין איהר אר־
בייט און טאנצט אקעגען דעם בעל־הבית, ארויסווייזענדיג איהם אינמיטען
דרינען א בעזונדערע סימפאטיע, און נעהמט פאר ליעב זיין שטויס מיט'ן
פוס, אונטערברומענדיג א ווייל'ע, און באלד דערויף קעהרט ער זיך אום
אנ'אויפגערוימטער און פרעהליכער צו עפעס אנ'אנדער ארבייט. דער סע־
זאן זשומעט ווי א ביהנען־שטאק, און פאלמי איז לוסטיג און לעבעדיג. רבו־
נו של עולם, ווי שעהן איז דאס לעבען און ווי שעהן איז דער זומער!

און דער זומער איז שווער צעלעגט איבער'ן לאנד. עס בעוועגט זיך
נישט קיין בלעטעל אויף א בוים און עס ריהרט זיך נישט קיין וואלקענדעל
איבער דער גאנצער ברייט פונ'ם הימעל. די לופט איז געווארען ווי מאסיוו,

אינגאַנצען פערגליווערט. די זון איז שוין נישט געווען אַזוי שעהמעוודיג, ווי זי וואָלט צום ערשטען מאָל אַרויס פון איהר פוטערפאַס, דען זי האָט פּלוצלינג דערקענט איהר קראַפט און זיך גענומען פיהרען גרויס־הערשאַפטליך, אויסגיסענדיג איהר גליהענדע היץ מיט אַ געוואַלדיגער אַכזריות. די ווינדטלעך זענען מעהר נישט געווען אַזעלכע גרינגע און בלאָזענדיגע, גלייך ווי ס'וואָלטען זיי נאָר־וואָס צום ערשטען מאָל פליגעל אויסגעוואַקסען, נאָר זייערע פליגעל זענען געווען ווי מאַסיוו־געגאָסען בליי, נישט בעוועגט זיך און נישט גערירט. און די היץ ליגט און דריקט אויף יעדעם לעבעדיגע וועזען. בעהאַלטען האָט זיך דער מענש אין שאָטען צווישען די געדיכטע ביימער, אָבער פאַר דער היץ האָט ער זיך נישט געקאָנט אויסבעהאַלטען. און אויך פאַלמי איז געשטאַנען מינוטענווייז אין אַ ווינקעל און האָט געשוויצט.

אַזוי איז אַריבער אַ חודש נאָך אַ חודש און אַזוי האָט זיך גערוקט די צייט.

ביסלעכווייז איז אויך געוואָרען סוף אָב. דער הימעל איז שוין נישט געווען אַזוי בלוי, ווי אַמאָל, נאָר עס האָט איהם איצט צוגעדעקט אַ לייכטער נעבעל פון אַ פאַרב, וואָס האָט קיין נאָמען נישט. ס'איז נישט דער קאָליר פון פיאָלעט און אויך נישט פון ציין, נאָר ווי עפּעס אַ דרוכזיכטיגער רויך. אויך די היץ איז שוין נישט געווען ווי אַמאָל. זי האָט מעהר נישט געפּייניגט דעם מענש, ווי די תמוז־גלות, אָבער די תמוז־גלות איז ביי איהר גאַנצער גרויזאַמקייט געווען פרעכטיג און בעגעהרליך פאַר דער נשמה, וועהרענד די דאָזיגע נייע היץ מיט איהר גאַנצער מילדקייט איז געווען לעסטיג. אויך די אָווענדען האָבען אָנגעהויבען ווערען לענגער, און פאַלמי האָט נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר: יעדען אָוועט פלעגען די געסט זיך פערזאַמלען אין עס־זאַל, נישט אויף צו עסען און נישט אויף צו טרינקען, נאָר זיי פלעגען זיצען אַלע צוזאַמען. און שמועסען מיטאַנאַנד אָדער שפּיעלען איינער מיט'ן אַנדערען. פאַלמי האָט זיך אַ ווײַלע פערטיעפט אין געדאַנקען. זיין האַרץ האָט עפּעס פאָרגעפיהלט, אָבער ער האָט נישט געוואוסט וואָס אַזוינס. עפּעס אַ מין לאַנגווייליגקייט איז פּלוצלינג בעפאַלען די גאַנצע פוילע געזעלשאַפט אַרום.

און איינמאָל אינדערפריה, ווען פאַלמי איז אַריין אין עס־זאַל, האָט ער בעמערקט עפּעס אַ שינוי. אין ערשטען אויגענבליק האָט ער נישט גע־קאָנט כאַפּען, וואָס עס איז דאָ פאָרגעקומען און וואָס עס האָט זיך דאָ פער־ענדערט. ער איז דאַן געלאָפען אַהין און אַהער, אַרומגעשניפעלט, עטליפע מאָל ליכט אונטערגעבילט, און איז דאַן געבליבען שטעהן אויף אַנ׳אָרט. פּלוצלינג האָט ער „פערשטאַנען, וואָס עס איז דאָ אַזוינס געשעהן: צוויי דריי שטוהלען זענען אַרויסגענומען געוואָרען פון דער רייהע אַרום דעם טיש, און די צאָהל בענקלעך האָט זיך פערמינערט. פּאַלמי האָט אָבער נישט פערשטאַנען, פאַרוואָס עס איז געוואָרען וועניגער בענקלעך און פאַר־וואָס עס איז געוואָרען אַזוי גערוים צווישען די איבערגעבליבענע. ס׳איז איהם נישט איינגעפאַלען, אַז ביינאַכט, ווען ער איז נאָך געשלאָפען, זע־נען צוויי־דריי פון די שטענדיגע געסט אָבגעפאָהרען צוריק אין שטאָדט אַריין. אָבער אין אַ ווייל׳ע אַרום האָט ער פערגעסען די גאַנצע געשיכטע. דער טומעל איז נאָך געווען גענוג גרויס און אַרבייט איז געווען פיעל.

און דער הימעל איז געווען עטוואָס טונקעל און די בלעטער זענען שוין נישט געווען אַזוי פריש ווי אַמאָל. זייער גרינע פאַרב האָט אַ ביסעל אָבגעבליאַקירט.

אָבער אין עטליכע טעג אַרום האָט פּאַלמי׳ן פּאַסירט אַ ניי שרעקליך געשעהעניש, וואָס ער האָט עס גאָרנישט ערוואַרטעט. אינמיטען העלען טאָג, פאַר זיינע אויגען, זענען אַרויסגעגאַנגען אין דרויסען פיער מאַן פון זיינע שטאַם־געסט. אַ וועגעל׳ע האָט געוואַרט פאַר׳ן טויער. דער לאָקיי און די דיענסט האָבען נאָכגעטראָגען פעקלעך און חפצים. די מענשען זענען אַרויף אויפ׳ן וועגעל׳ע און דער פוהרמאַן האָט אַ שמיץ געטהון מיט דער בייטש, עס האָט זיך דערהערט אַ „וויאָ״ און די מענשען זענען אָבגעפאָהרען און פערשוואונדען. פּאַלמי האָט נישט פערשטאַנען פאַרוואָס. ער האָט פּלוצ־לינג דערפיהלט אַ שטאָך אין האַרצען ווי אַ שפּיז.

און עס איז געקומען איין אומגליק נאָכ׳ן צווייטען: קאַלטע ווינטען האָבען אָנגעהויבען בלאָזען, נאָכהער האָבען וואָלקענס זיך צעלעגט איבער׳ן הימעל און אַ פוילער זלידנער רעגען האָט אָנגעהויבען טריעפען...

פאַלמי איז געשטאַנען אויף דריי פיס, דעם פירטען פוס אויפגעהויבען אין דער הויך, און האָט פיעל געטראַכט און געפאָרשט.

א גאַנצע נאַכט איז געגאַנגען אַ רעגען, דער גרינער פלויט איז אינגאַנצען בענעצט געוואָרען, די ברעטער און שטאַנגען זענען דורכגעווייקט געוואָרען פון וואסער און האָבען געהאט א זעהר אומעטיג אויסזעהן. די עופות האָבען זיך פערקליבען אויף דער שטאַנג און געקלאַפט מיט די פליגעל, און זייערע פדערען זענען געווען נאַס. אין א ווינקעל איז געשטאַנען פאַלמי און געקוקט, און זיין הויט און האָר זענען אויך געווען דורכגענעצט פון רעגען, און א קאַלטער שוידער האָט איהם פלוצלינג דורכגעריזעלט לענג־אויס דעם רוקען־ביין. עס איז איהם דאַן אזוי באַנג געוואָרען...

צומאָרגענס האָבען אין עס־זאַל געפעהלט שוין מעהר פון צוואַנציג שטוהלען. אויך דאָס ביסעל מענשען, וואָס מ'האָט נאָך געזעהן אין שטוב, איז בעדייטענד פערמינערט געוואָרען. אקעגען אָוועגד האָט מען געמאַכט פייער אינ'ם אויווען פונ'ם עס־זאַל.

און דער רעגען גיסט פון צייט צו צייט אַלץ אָפטער, און די ווינטען בלאָזען אצינד שטורמיש פון צייט צו צייט אַלץ אָפטער.

און איינמאָל ווען פאַלמי איז אריינגעקומען אין עס־זאַל, איז ער אויפגעציטערט געוואָרען. ער האָט ביים מיטאָג־עסען געטראָפען אינגאַנצען נאָך פינף פערזאָן, און אויך מיט זיי האָט מען זיך מעהר נישט אָבגעגעבען ווי געהעריג. דאָס רוב שטוהלען זענען געשטאַנען איבערגעדרעהט און אויפגעשטעלט ווי א זייל איינער איבער'ן אַנדערען, אָנגעשפאַרט אָן דער וואַנד אין אַ ווינקעל. און די רעגענס האָבען געגאָסען אָהן אויפהער און די ווינטען האָבען געבלאָזען צאָרניג־שטורמיש. אין דרויסען זענען געפלויגען און געטאַנצט די געלע בלעטער, פאַלענדיג פון די בוימער. עפעס א שרעקענס־געשפענסט האָט שפּאַצירט אונטער'ן הימעל — און פאַלמי האָט געקוקט און זיין געמיט איז פלוצלינג זעהר פעראומערט געוואָרען.

און דער בעל־הבית מיט דער בעל־הבית'טע און אויך די קעכין און די דיענסט און דאָס יונגעל האָבען אצינד געהאט זיבענמאָל מעהר פרייע צייט ווי פריהער, און זיי האָבען איצט געפונען אַ געלעגענהייט זיך אומצוקוקען אויך אויף פאַלמי'ן און איהם אַרויסווייזען זייער ליעבשאַפט, גלעטען־

דיג איהם און געבענדיג איהם יעדער זיין געשענק, אמאל א שטיק פלייש און אמאל א טעפעל מילך — אבער דאס האט פאלמי'ן נאך מעהר וועה געטהון: איז דאך איהם זיבענמאל בעסער געווען דאמאלס, ווען מ'האט איהם געשטויסען און געטרעטען מיט די פיס און קיינער האט זיך נישט געקימערט וועגען איהם און וועגען זיין הונגער. דאמאלס איז דאך געווען זומער־לעב אויף דער וועלט און דער טומעל איז געווען אזוי גרויס...

און איינמאל, ווען ער איז אויפגעשטאנען אינדערפריה און איז אריין אין עס־זאל, האט ער שוין דעם לעצטען גאסט אויך נישט מעהר געטראפען. אויך ער איז שוין געווען אוועקגעפאהרען. נישטא מעהר קיין מיטאג־צייט און קיין מיטאג־עסען. די ברעטער פונ'ם טיש זענען שוין אראבגענומען גע־ווארען פון דעם דראנג און זיי שטעהען איצט אויסגעשטעלט אין א ווינ־קעל. אויף דער פאדלאגע ליגען בערג שטרוי און היי און וואו ער טהוט זיך א קעהר וואלגערען זיך פעקלעך און בינטלעך איינגעפאקטע זאכען. דאכט זיך, אז אויף דער בערייטונגען אבצושליסען דאס גאנצע הויז אויף א שלאס און זיך אומצוקעהרען אין שטאדט אריין. אלץ האט זיך אויסגעלאזען. א גרויסע מרה־שחורה איז פאלמי'ן בעפאלען. עס האט איהם געקרענקט און פערדראסען, און ער האט נישט געוואוסט וואס...

און דער הימעל אין דרויסען איז פלוצלינג געווארען ווי איין שטיק בליי. די וואלקענס זענען געהאנגען שווער און פויל און דורכגעזאפט מיט וואסער. די פאלענדע טראפענס זענען געווען שווער. דער ווינד האט אלע ווייל געפייפט און געפיהרט צום טאנץ די בלעטער, וואס זענען פון די בוימער געפאלען, קוילערענדיג זיי האסטיג אין דער לופטען ווי רעדער. און די גאנצע וועלט האט אויסגעזעהן ווי זי וואלט זיך געגרייט אומצוקעהרען צו איהר אורשפרונגליכער וויסטעניש.

און פאלמי איז געשטאנען אויף דריי פיס, אויפהויבענדיג דעם פער־טען פוס אין דער הויך, און זיינע טרוימערישע אויגען זענען זיך פערלאפ־עפן אין געדאנקען. רבונו של עולם, נאך וואס טויג דאס אלץ? נאך וואס זענען די אלע מענשען אהער געקומען און צו וואס זענען זיי דא געזעסען לאנגע וואכען און דאן ווידער פלוצלינג אוועקגעפאהרען? צו וואס איז געווען אזוי הייס און פארוואס איז די היץ פלוצלינג פערגאנגען און ס'איז

געקומען די קעלט? פאַרוואָס איז דער הימעל געווען אַזוי קלאָר און שעהן און צאַרט און פאַרוואָס איז ער פלוצלינג אַזוי טונקעל געוואָרען? און נאָך וואָס טריעפט דער רעגען און בלאָזט דער ווינד, און צו וואָס איז דער זו־מער און צו וואָס דער ווינטער, רבונו של עולם, צו וואָס, פאַר וואָס, נאָך וואָס?...

פאַלמי האָט זיך פערטיעפט אין דעם געהיימניש פון דער וועלט און האָט אויף קיין פאַל נישט געקאָנט געפונען קיין זין און קיין אויסרעכנונג אין דעם גאַנצען וועזען, וואָס קומט פאַר אונטער דער זון.

# ווען די טויטע וואָלטען קאָנען רעדען

(אויך אַ מעשה)

דער טויט, זאָגט איהר, איז שרעקלעך? איז ביטער? איז פינסטער? דאָס לעבען, זאָגט איהר, איז ליעב? איז זיס? איז ליכטיג? דער אַריבערפאָהר פונ'ם לעבען אינ'ם טויט, זאָגט איהר, איז אַ זאַך, וואָס ביים געדאַנק אַליין שווין שטעלען זיך איינעם די האָר קאַפויר? — ניין, קינדערלעך, אַ נאַרישקייט, זאָג איך אייך, אַ נאַרישקייט ווען די טויטע וואָלטען קאָנען רעדען, ווער ווייס, צי זיי וואָלטען אונז נישט זאָגען וואָרט פאַר וואָרט דעם היפּך!...

איך האָב אָנגעקוקט דעם אַלטען, בעת ער האָט צו אונז גערעדט. דער שטערען איז ביי איהם געווען אַ זעהר הויכער און אין דער הויך פון ביידע שלייפען איז די הויט געווען אונגעוועהנליך ווייס. צווישען די אויגען איז געגאַנגען אַ קנייטש, טיעף און געקרומט ביז אין די נאָז־וואָרצעל אַריין. פון קינדווייז־אויף האָב איך דעם אַלטיטשקען ליעב געהאַט.

נאָר זיבעציג יאָהר — רעדט ער צו אונז ווייטער — לעבען מיר, אָבער זעהט איהר: צעהנדלינגע מיליאָנען יאָהרען זענען איבער אונז אַוועקגעגאַנגען איידער מיר האָבען געלעבט, און צעהנדליגע מיליאָנען יאָהרען געהען איבער אונז אַוועק דאַן, ווען מיר ליגען ווידער טויט. לעבען איז אַלזאָ נאָר אַ קליינטשיק, קליינטשיק ברוכטיילעכעל פון אונזער זיין, וועהרענד דער גרעסערער טייל איז דאָס נישט־לעבען. ובכן: דאָס, וואָס איז קליין און ווינציג איז נאָר די נעבען־זאַך, דער טפל, דאַגעגען איז זעלבסטפערשטענדליך, אַז דער גרויסער טייל איז די הויפּטזאַך, דער עיקר. די זיבעציג יעהרעלעך פונ'ם לעבען זענען אַלזאָ נאָר דאָס צופעליגע, דאָס נישט־נאָרמאַלע, די אויסנאַהם, וועהרענד די מיליאָנען יאָהרען פונ'ם נישט־לעבען זענען דאָס נאַטירליכע, די נאָרם, דאָס בעשטענדיגע... נישט־לעבען איז אונזער נאָרמאַלער צושטאַנד פון אייביגקייט, אָהן אָנהויב

און אָהן סוף, און נאָר אין דער מיט קומט־פאָר עפּעס אַ קליינע הפסקה אויף אַ ווײַלע, אַנ'אונטערברעכונג אויף קאַרגע זיבעציג מינוטען, אָדער ווי מען רופט עס „יאָהרען", אום דאַן באַלד ווידער זיך אומצוקעהרען צו דעם נאָר־מאָלען צושטאַנד פון דעם נישט־זיין, פון דעם אייביגען נישט־זיין...

איך האָב איהם שטאַרק אָנגעקוקט.

און ווי איך בין אַוועק דאַן אַליין בײַנאַכט אַהיים, האָבען אין מיר געררוישט און געאַרבייט די ווערטער „ווען די טויטע וואָלטען קאָנען רע־דען". איך האָב וועגען עפּעס געטראַכט און געטראַכט, און וועגען וואָס — האָב איך נישט געוואוסט. טיעף אונטער דער שוועל פון מיין בעוואוסטזיין — ווי די פילאָזאָפען זאָגען — האָט אין מיין מוח עפּעס געגריבעלט, און איך האָב עס נישט געקענט דערטאַפּען. ווי אומגליקליך איך בין און ווי עלענד און דערשלאָגען, ווי מאַט איך בין און ווי מיעד. אַך, איז פּאַסקודנע דאָס גאַנצע ביסעל לעבען! נאַדיר כ'לעבען אַ גראָשען פאַר'ן גאַנצען! און דאָ פיהל איך מיך אַזוי אָבגעמאַטערט... יאָ, עס איז אינ'ם גאַנצען לעבען גאָר קיין „יעצט" נישט פאַרהאַנען; עס איז אַלץ אָדער אַ פערגאַנגענהייט אָדער אַ צוקונפט. אין דער גראַמאַטיק פונ'ם לעבען פעהלט די געגענוואַרטס־צייט. און דאָ זענען מיר די פיס שווער, די הענד שווער און אַלע חושים ווי בליי... אַ שעהן ביסעל להוינט זיך דאָס דער גאַנצער טאַראַראַם און דאָס גאַנצע רעש'ען פון אינדערפריה ביז אין דער נאַכט און פון דער נאַכט ביז אינדערפריה. און איך געה און חלום, געה און חלום אַזוי שווער, אַזוי שווער. פון וואַנען קומסטו דאָ, אומגליקליכער טראָפּען, דו? פון דער אייביגער רוה! און וואו אַהין געהסטו? אין די אייביגע רוה אַריין אין די רוה, וואָס הערט קיינמאָל נישט אויף...

און אויסגעגאָסען ליעגט אַרום מיר די ריינע בלויע טיעפע נאַכט, און דער בלויער גלאַנץ רוהט דורכזיכטיג ווי אַ טוי אויף די לעדיגע שטילע גאַסען, אויף דעם שטילען פער'חלומ'טען מאַרק, אויף דעם גרוי־ווייסען ברונעם אינ'ם עק פון מאַרק און אויף די טרעפּלעך פון דער שוהל. עס הערט זיך פון דער נאַכט אַרויס אַ מין רוישען און איך ווייס נישט, ווער דער רוי־שער איז. איך הער מיינע טריט: איינס־צוויי, איינס־צוויי — אָדער איז עס דאָס קלאַפּען פון מיין האַרץ? און די שאָטענס שוועבען איבער די הייזער,

און מיין אייגענער שאָטען, אַ העלפט פון דער זייט און אַ העלפט אויף דער ערד, קריכט נעבען מיר פון מיינע פיס אַרויס און איז פיעל גרעסער פון מיר אינגאַנצען. פּלוצלינג הער איך ווערטער רעדען. קלאָר און דייטליך האָב איך געהערט וואָרט פאַר וואָרט: „ווען די טויטע וואָלטען קאָנען רעדען". האָב איך מיך אַליין אַרויסגערעדט די דאָזיגע ווערטער?

און די ווערטער ווערען אַלץ מעהר און מעהר. נישט אַנדערש: די טויטע האָבען דאָס אָנגעהויבען צו קאָנען רעדען.

און איך חלום און גיה...

*

אויף די טרעפּלעך פון דער שוהל שטעהען דריי געשטאַלטען: אַ באַ־ציאַן מיט די הויכע פיס און דעם לאַנגען רויטען שנאָבעל; נעבען איהם אַ שוואַרצער מיט טויזענד אויגען, און נעבען דעם שוואַרצען אַ ווייסע ליכט־געשטאַלט מיט טויזענד שטראַהלען.

„איך", זאָגט דער באָציאַן, „בין אַ קונדס און האָב ליעב דעם שטיף, גיה איך פאַרביי פאַר אַ טייך און דערמאָהן זיך, אַז דאָרט זענען פאַרהאַנען נשמות פון נאָך נישט געבוירענע קינדער, וועלכע שלאָפען נאָך אין דער שוים פון דעם גרויסען גאָרנישט און האָבען תענוג פון זייער נישט־זיין, דאָ שטעק איך אַריין מיין שנאָבעל פּלוצלינג אינ'ם וואַסער און כאַפּ אַרויס אַזאַ נישט־געבוירענעם און דערלאַנג עס אַ וואָרף אין לעבען אַריין און עס הויבט־אָן זאָפּאָרט צו לעבען. איך בין, ווי איהר ווייסט, דער באָציאַן, וועל־כער ברענגט די קינדער אויף דער וועלט. אָך, ווען איהר וואָלט זעהען, ווי דאָס צאַפּעלט און וועהרט זיך מיט הענד און מיט פיס געגען דעם לעבען, אין וועלכען מען צווינגט עס אַריין איבער געוואַלד, און ווי דאָס וויינט און קלאָגט! און איך וויש מיר אָב דעם שנאָבעל, ווי נישט מיך מיינט מען עס, און זאָג מיר: אַ שעהנע ריינע כפּרה..."

„און איך", ענטפערט דער שוואַרצער מיט די אויגען, „איך מאַך עס נאָך טויזענדמאָל ערגער פון דיר. די לעבעדיגע נעהם איך, די דאָזיגע, וועל־כע זענען ווי־עס־איז שוין אינ'ם לעבען, און טויט זיי און פיהר זיי אוועק

פון דער וועלט. איך בין, ווי איהר ווייסט, דער מלאך־המות. אָך, ווען איהר וואָלט זעהען, ווי דאָס צאַפּעלט און ווי דאָס וועהרט זיך מיט לייב און לעבען געגען דעם טויט און ווי דאָס ענדערט די צורה און דאָס גאַנצע אויסזעהן ביי מיין אָנקומען און ווי אַלע אַרום־און־אַרום וויינען און קלאָגען און ברעכען זיך די הענד! איך שטעה און לאַך און אַלע מיינע טויזענד אויגען לייכטען פאַר תענוג..."

„עט", זאָגט דער דריטער, דער מיט די טויזענד שטראַהלען. — „אייערע ביידענס שלעכטיגקייט איז אַזוי גרויס ווי אַ טראָפּען, ווען איך זאָל זי פערגלייכען מיט מיינער. איהר מעגט זיך אַלע ביי מיר ערשט אָנדינגען אויף די לעהר. איך בין, ווי איהר ווייסט, גבריאל, דער מלאך פון תחית־המתים. צו די, וועלכע האָבען אַלעם שוין אָבגעפּטר'ט און זענען גאָט־זיי־דאַנקען שוין געשטאָרבען, קום איך, און זיי נעהם איך און מאַך זיי ווידער לעבעדיג. איהר מוזט מיר אַליין מודה זיין, אַז דאָס שפּיצעל, וואָס איך טהו אָב, איז פון אייערע ביידענס צוזאַמען דאָס גרעסערע. פון דער נאַטור בין איך אַ בעשעפעניש, וואָס האָט אַ הנאה דערפון, ווען יענער קרענקט זיך..."

דער באָציאַן האָט אויפגעריסען זיין לאַנגען שנאָבעל און האָט זיך פערוואונדערט; דער מלאך־המות האָט אויסגעגלאָצט זיינע טויזענד אויגען און האָט געשטוינט.

און גבריאל האָט ווייטער גערעדט: „יעצט, ווען איך האָב אַזאַ גוטע געלעגענהייט, וויל איך אייך אויפגעמערקזאַם מאַכען אויף אַ געוואַלדיגען טעות, וועלכער איז זעהר פערשפּרייט. געוועהנליך מיינען אַלע, אַז תחית־המתים איז אַ זאַך, וועלכע וועט אין אַ געוויסע צייט מיט איין מאָל געשעהן, אַזוי אַז אין אַ בעשטימטען טאָג וועלען אַלע טויטע גלייכצייטיג אויפשטעהן און וועלען אַרויס פון די קברים; דאָס איז, נאַטירליך, אַ טעות. תחית־המתים געשעהט נישט מיט אַמאָל, נאָר איינציגווייז, און נישט אין אַ געוויסער בעשטימטער צייט, נאָר טאָג־טעגליך, און נישט ערשט אין דער צוקונפט, נאָר פון אייביג אָן איז עס געשעהן און עס געשעהט איצטער יעדען טאָג און וועט אַזוי געשעהן אויך אין דער צוקונפט טאָג־טעגליך. יעדען טאָג ווערען דורך מיר אַ געוויסע צאָהל מתים אויפגעוועקט און זיי ווערען ווידער לעבעדיג — און גאָר די פאָרם ענדערט זיך. די מאַשין איז אַ

מין ראָד, וואָס דרעהט זיך אָהן אויפהער: איינער פון די לעבעדיגע שטאַרבט, און איינער פון די טויטע שטעהט־אויף. עס איז דאָס געזעץ פון דעם אייבי־גען אויסטויש...

דער באַציאַן האָט פונאַנדערגעשפּאַרט זיין שנאָבעל און זיך געשטעלט אויף איין פוס פאַר פערוואונדערונג; דער מלאך המות האָט ווייט אויפגע־ריסען אַלע זיינע אויגען און האָט געשטוינט און געשטוינט.

— יענע וועלט איז אַ גרויסע, אונענדליך גרויסע וועלט, און אין איהר ליגען די טויטע, רוהיג און צופריעדען, געניסענדיג די גרויסע אונענדליכע רוה, די רוה איז דער תכלית פון אַלע תכליתים. וויסען מוזט איהר אָבער, אַז די טויטע האָבען ליעב דעם טויט מיט זייער גאַנצער נשמה, זיי זענען צוגעבונדען צו איהם מיט דעם גאַנצען האַרצען, און נישט פערבייטען וועלען זיי איהם פאַר קיין שום אוצרות פוןביידע וועלטען — איהר קענט דאָך מן הסתם אַנ'עהנליכע ערשיינונג ביי די לעבעדיגע, און ווי די דאָזיגע לע־בעדיגע האָבען ליעב דאָס לעבען?... נאָר איין זאַך אין פאַרהאַנען ביי די טויטע, וועלכע פערביטערט זיי אַביסעל דעם טויט: די אייביגע מורא פאַר תחית־המתים — איהר קענט דאָך מן הסתם אַנ'עהנליכע ערשיינונג ביי די לעבעדיגע, און ווי די דאָזיגע לעבעדיגע שרעקען זיך תמיד פאַר'ן טויט?... ווען נישט די דאָזיגע מורא דאָרט ביי די טויטע, און ווען נאָר זיי וואָלטען ביי זיך וויסען, אַז זיי קאָנען אייביג טויט זיין און וועלען קיינמאָל מעהר נישט דאַרפען אויפשטעהן, וואָלטען זיי זיין גליקליך ביז גאָר. די זעלבע ראָלע, וועלכע דער מלאך־המות שפּיעלט ביי די לעבעדיגע, שפּיעל איך ביי די טויטע. — דער מלאך־המות געהט! — שרייען די לעבעדיגע און ציטע־רען מיט אַלע זייערע רמ"ח אברים. — דער תחית־המתים־מלאך געהט — קלאָגען דאָ די טויטע און פלאַטערען מיט אַלע זייערע שס"ה גידים. די מו־טער אויף יענער וועלט היט־אָב איהר קינד ווי אַנ'אויג אין קאָפּ, אַז עס זאָל נאָר נישט לעבעדיג ווערען, און דער מאַן, וועלכער האָט ליעב זיין ווייב, היט זי אָב ווי אַנאוצר, אום דער פּאָדים פון איהר טויט זאָל זיך נאָר נישט איבעררייסען. זעלבסטפערשטענדליך, זענען אויך דאָרט פאַרהאַן פילאָזאָ־פען, וועלכע בעמיהען זיך דורך פערשיעדענע חקירות צו פערזיסען אַביסעל דאָס לעבען און דאָס לעבעדיג־ווערען, אום ס'זאָל נישט פאָרקומען איינעם

אזוי שרעקליך, און אזוי זענען אויך פארהאַן פערשיעדענע לצים און וואוי־לע יונגען, וועלכע שטרעבגען זיך אָן דורך לצנות און דורך גלייכוועהטלעך אָבצולאכען פונ׳ם לעבעדיג ווערען, כדי דעם עולם אביסעל צוצוגעוועהנען צו דעם שרעקליכען געדאַנק. אָבער, נאַטירליך, העלפט דאָס אַלץ נישט אינ׳ם טאָג פון צאָרן — אינ׳ם טאָג, ווען דאָס לעבעדיג־ווערען קומט־אָן.

...און פיעל פון די ערשיינונגען און געשעהענישען און מעשות, וועלכע איהר זעהט און געפינט אָפט ביי די לעבעדיגע, וואָס לעבען דאָ אויף דער ערד, זעהט איהר און געפינט אויך דאָרט ביי די טויטע אויף יענער וועלט. אין דעם שוים פונ׳ם טויט ליעגען זיך די טויטע, רוהיג און צופריעדען, גע־ניסענדיג אַלדאָס גוטס, פּלוצלינג: דאָס אומגליק איז פאַרטיג: הינד שפּיע־לען זיך, דער תחית־המתים־מלאך איז דאָ אין דער שטאָדט! עפּעס האָט זיך איינער אַ טויטער געריהרט דאָרט פון זיין אָרט און האָט בעוועגט מיט אַ האַנד אָדער אַ פוס. אַלע קרובים און בעקאַנטע האַלטען אין איין ברעכען זיך די הענד: אוי, אַנ׳אומגליק איז געשעהן! אוי, ער געהט לעבעדיג ווע־רען! אוי, נאָר איין שפּרייז איז נאָך צווישען איהם און דעם לעבען! און דאָ אַרבייטען זיי מעשים און ווענדען־אָן כל המיני מיטלען, אום דעם טוי־טען צו דערהאַלטען ביים טויט, און ברענגען אַראָב דאָקטוירים און אָב־שפּרעכער און געבען רפואות און קמיעות און זאַלבען און סגולות, און עס מאַכט זיך אָפט, אַז עס גילט זיי טאַקי אָב דעם טויטען אָבצוראַטעווען און איהם צוריק אַוועקצולעגען טויט. טיילמאָל אָבער איז דער גזר־דין שוין אַ פאַרטיגער, און עס העלפט דאָן קיין שום מיטעל נישט מעהר: דער טויטער שטעהט־אויף און ווערט לעבעדיג. ביים לעבעדיג־ווערען קומען די קלאָג־פרויען און די מליצה־שרייבער און האַלטען איהם דעם הספּד: אוי, דו אונ־דערבאַרימדיגעס לעבען! אוי, דו לעבען, רוצח! ווי האָסטו איבערגעריסען ווי אַ וועבער דעם פאָדים פונ׳ם טויט? ווי איז אויפגעשטיגען דער שני־טער און האָט געשניטען און האָט נישט געהאַט קיין דערבאַרמען? — דע־נוסה מוז אייך אודאי בעקאַנט זיין!

...זעלבסטפערשטענדליך, זענען אויך דאָרט די רייכע ביז צו אַ גע־וויסער מאָס אין אַ בעסערער לאַגע ווי די אָרימע. די רייכע האָבען וועניגס־טענס די מיטלען אין דער האַנד זי אויסצוהיטען, ווי ווייט מעגליך, פון לע־

בען און פון די אַלע צרות און פּורעניות, וועלכע ברענגען צום לעבען: זיי היטען זיך ראשית פאַר דערוואַרעמונג — ביי די לעבעדיגע רופט מען די דאָזיגע קראַנקהייט „ערקעהלטונג" — זיי זיצען כסדר אין די צפון־לענדער, פאָהרען אין די היצען אַוועק אין אַזעלכע ערטער, ווי סיביר אָדער לאַפּ־לאַנד, האַלטען זיך דאָקטוירים און פּראָפעסאָרען און פאָהרען ביי יעדער קליינינגקייט אַוועק אין די קאַלט־בעדער, אָדער זיי ערלויבען זיך אָפּט דעם לוקסוס פון פאַסטען אַ טאָג לאַנג, פערקעהרט פון די אָרימע, וואָס זיי נעבעך האָבען די פליכט יעדען טאָג אָהן אויסנאַהם צו מוזען זיך זאַט אָנעסען — איהר ווייסט דאָך מן הסתם דאָס אַלץ.

...נאַטירליך איז דאָס אַלץ נאָר דאַן, ווען די יאָהרען זענען שנים כתקונן נאָרמאַלע יאָהרען. עס מאַכט זיך אָבער אויך יאָהרען וועלכע זענען נישט נאָרמאַל, און דאַן ווערען לעבעדיג נישט נאָר איינצעלנע נפשות, נישט נאָר יחידים, נאָר גאַנצע שטעדט און קהלות קעהרען זיך אום צום לעבען. עס מאַכט זיך למשל, אַז עס הויבט אָן אומצוגעהן אַ תחית־המתים־מגפה, רחמנא־ליצלן, אַ מין תחית־המתים־כאָלערא אָדער אַ תחית־המתים, דזשומא, און דאַן קומט פאַר, אַז יעדען טאָג כאַפּען זיך מיטאַמאָל אויף צו תחית־המתים צעהנדליגער מתים און אין עטליכע טעג אַרום ווערען, רחמנא־ליצלן, אויפ־געלעבט גאַנצע מחנות ביז אויף איינעם. נאַטירליך, ארבייט דאַן די פּאָ־ליציי און די סאַניטאַרע געזעלשאַפט פון אינדערפריה ביז אין דער נאַכט מיט זייער גאַנצער קראַפט, אום דאָס אומגליק ווי ווייט מעגליך אָבצוהאַל־טען: זיי לאָזען מיסט אָנפיהרען אין יעדען ווינקעלע, זיי לאָזען אויסשמי־רען די רינשטאָקען מיט פערשידענעם שמוץ, אָדער זיי לאָזען מיט אַבזיכט ענטשטעהן גאַנצע קולטורען מיט באַצילען, כדי דאָס לעבען נישט צו לאָ־זען אויפקומען.

...אָדער עס מאַכט זיך אַמאָל צווישען די טויטע אויך עפּעס אַ פער־ברעכער, למשל אַ רוצח, וועלכער האָט אַ מענשען מיט אבזיכט לעבעדיג געמאַכט, דאָ קומען די ריכטער צו געהן און פעראורטיילען איהם צום לע־בען. נאַטירליך זוכט זיך דער פערברעכער אַדוואָקאַטען פאַר די פערשידע־נע אינסטאַנצען, וועלכע בעמיהען זיך פאַר'ן געריכט דעם שולדיגען ווי ווייט מעגליך צו פערטיידיגען, אַזוי אַז אַנשטאָט לעבען זאָל מען איהם פער־

גרינגערען די שטראָף אויף אייביג פערשיקט זיין, דאדורך וואָס מען וועט איהם פערשיקען אויף טויט־לענגליך אין איינעם פון די וואָרימע לענדער; צום גרעסטען טייל אָבער גילט זיי נישט אָב, און דער פערברעכער ווערט פעראורטיילט צום לעבען, נאַטירליך, האָבען שוין פיעל פון די נייע דורות געאַרבייט מעשים אום אין אַזאַ פרייען לאַנד, ווי דער טויט, אָבצושאַפען גענצליך די לעבענס־שטראָף, וועלכע איז, ווי זיי זאָגען, נאָר אַן׳איבערגע־בליבענער רעשט פון אַ באַרבאַרישער צייט, אָבער ווי עס הערט זיך, איז אַלץ געבליבען ביים אַלטען.

...אָדער פונקט אַזוי ווי ביי די לעבעדיגע, וואָס איינער נעהמט זיך אַמאָל אַליין דאָס לעבען, מאַכט זיך ביי די טויטע, אַז איינער נעהמט זיך אַליין דעם טויט און צערייסט מיט דער אייגענער האַנד דעם פאָדים פון זיין שטאַרבען. אַמאָל מאַכט עס זיך, ווייל עס ווערט איינעם איבערדריסיג דער טויט, און אַמאָל — ווייל דער טויט האָט פאַר צופיעל לעדיג־געהן פער־לוירען דעם ווערט אין זיינע אויגען. למשל, טרעפט עס זיך, אַז אַ בחור מיט אַ מיידעל שפּיעלען אַ ליעבע, און די עלטערען אָדער די קרובים דערלאָזען נישט, כאַפּען זיך דיביידע יונגעלייט אויף, נעהמען אַ רעוואָלווער, לאָדען איהם אָן מיט מיילער, און אין אַ מינוט אַרום לעבען זיי שוין ביידע...

דער באַציאַן האָט פערביסען דעם אויפגעריסענעם שנאָבעל און האָט זיך פערטראַכט, אַז דער מלאך־המות האָט די טויזענד אויגען האַלב צוגע־דריקט און האָט זיך טיעף פערקלערט.

און גבריאל איז געשטאַנען און האָט איראָניש געשמייכעלט.

*

דאָס לעבען, זאָגט איהר, איז ליעב און זיס און ליכטיג? — האָט דער אַלטער צו אונז גערעדט — דער טויט, זאָגט איהר, איז שרעקליך און ביטער און פינסטער. ווער ווייס? ווען די טויטע וואָלטען קאָנען רעדען, וואָלטען זיי אונז זאָגען אפשר דעם היפך...

און איך האָב מיטאַמאָל אָנגעהויבען צו פערשטעהן...

# צוויי העלדען

I

אמאָל איז געווען אַ העלד מיט אַ פּנים ווי אַ פלאַם־פייער, מיט מוס־קולען ווי די דראָהטען, מיט הענד ווי די אייזענס — און אויסגעפילט האָט זיין הארץ נאָר איין איינציגער געדאַנק: איינצונעהמען די גאַנצע וועלט און אַלץ אויף דער וועלט זיך צו מאַכען אונטערטעניג. ווי דאָס פייער פון גיהנום, אַזוי האָט געברענט אין זיין נשמה די תאוה צו כבוד.

און אַרויס איז דער העלד צווישען די בערג, דאָרט וואו מען גראָבט די פערשיעדענע מעטאַלען פון דער ערד, און האָט געגראָבען און געהאַקט און געזוכט. און אַראָבגעלאָזען האָט זיך דער העלד אין די טיעפע גרוב, וועלכע איז אין דער הייהל, און האָט געהאַקט און געגראָבען און געזוכט. און געפונען האָט דער העלד די אָדערען פון אייזען אין דער ערד, און ער האָט געגראָבען און געגראָבען; און די אייזען־ערד האָט ער אַרויסגעהאַקט פון דעם מאַגנעט־שטיין און פון דעם קיעזעל־שטיין, און אַריינגעוואָרפען האָט ער די אייזען־ערד אין אַ קלאַך־אויווען און געברענט האָט ער זי, און אַרויסגעקומען איז דאָס אייזען. דאָ האָט ער געברענט און געברענט דאָס אייזען און האָט עס געלייטערט פון קויהלען, און אַרויסגעקומען איז דאָס ריין־אייזען. דערנאָך האָט ער געברענט און געלייטערט דאָס ריין־אייזען, און אַרויסגעקומען איז דאָס האַרטע שטאָהל.

דאָ האָט דער העלד גענומען דאָס האַרטע שטאָהל און האָט עס געבראַכט אין אַ פאַבריק אַריין, און האָט עס געקלאַפּט און געפּרעסט און גע־העמערט, און געמאַכט האָט ער זיך — אַ שווערד.

און גענומען האָט ער די שווערד און אָנגעגורט האָט ער זי אויף די לענדען, און אַרויס איז ער מיט איהר אין די וועלט אַריין, אום איינצונעה־מען די גאַנצע וועלט און אַלץ אויף דער וועלט זיך צו מאַכען אונטערטעניג.

אָבער דאָס וואָס ער האָט געוואָלט, איז נישט געוואָרען, די שווערד האָט נישט בעזיעגט די וועלט!

II

אמאָל איז געווען אַ העלד מיט אויגען לייכטענדיגע ווי די זון, מיט אַ פּנים עדעל ווי אַנ׳אבן־טוב, מיט אַ האַרץ גליהענדיג ווי אַ מזבח — און אויסגעפּילט האָט דאָסזעלביגע האַרץ נאָר איין איינציגער געדאַנק: איינצונעהמען די גאַנצע וועלט און אַלע הערצער זיך צו מאַכען אונטערטעניג. ווי דער נר־תמיד אין בית־המקדש, אַזוי האָט אין זיין האַרץ געפלאַקערט דאָס פייער פון כבוד.

און אַרויס איז דער העלד צווישען די בערג, דאָרט וואו מען גראָבט די מעטאַלען אין דער ערד, און ער האָט געגראָבען און געהאַקט און געזוכט, און געפונען האָט ער דאָס אייזען.

און געלייטערט האָט ער דאָס אייזען און אַרויסגעקומען איז דאָס האַרטע שטאָהל.

דאָ האָט ער גענומען דאָס האַרטע שטאָהל און האָט עס געבראַכט אין די פאַבריק אַריין, און האָט עס געהעמערט און געקלאַפּט, און געמאַכט האָט ער זיך — אַ שטאָהל־פעדער.

און מיט דער שטאָהל־פעדער איז דער העלד אַרויס אין די וועלט, אום איינצונעהמען די גאַנצע וועלט און אַלע הערצער זיך מאַכען אונטערטעניג.

און וואָס ער האָט געוואָלט, דאָס איז געוואָרען. בעזיעגט האָט די פעדער די גאַנצע וועלט!

# אינהאַלט